סאָציאַליסטישע ביבליאָטהעק אין אידיש - דייטשער שפראַכע.

די׳א

# אייגענטהומס - בעסטיע

# DIE EIGENTHUMS-BESTIE

von

JOHANN MOST.

פריי איבערזעצט און בעארבייטעט פון

B. FEIGENBAUM.

**PRICE 2d.** **פרייז: 2 פענס.**

LONDON.
"Worker's Friend" Printing Office
40, Berner Street, Commercial Road.
**1888**

סאָציאַליסטישע ביבליאָטהעק אין אידיש-דייטשער שפראַכע.

די

# אייגענטהומס - בעסטיע

# DIE EIGENTHUMS-BESTIE

von

JOHANN MOST.

---

פריי איבערזעצט און בעארבייטעט פון

B. FEIGENBAUM.

---

LONDON.

"Worker's Friend" Printing Office,

40, Berner Street, Commercial Road.

1888



# אייגענטהומס-בעסטיע

דער מענש איז דאָס שלעכסטע פֿון אַלע רויבטהיערען. דיזעס שפּריכוואָרט זאָגין פֿיעל מענשין אין היינטיגע צייטען; דער שפּרוך איז אָבער נאָר אמת אויף איין אופן. ניט דער מענש אַליין אַלס מענש איז איין רויבטהיער, נאָר ער איז דאָס אין פֿערבינדונג מיט רייכטהום. וואָס רייכער איין מענש איז, איז זיין חשק צו מעהר פערמעגען אַלץ שטאַרקער. אַזאַ חיה רעה, וואָס מען קען אַ נאָמען געבין „אייגענטומסבעסטיע“, וועלכע בעהערשט היינטיגע צייטען דיא גאַנצע וועלט, מאַכט דיא גאַנצע מענשהייט אונגליקליך און וועלכע ווערט אַלץ גרויזאַמער, און זיין חשק אַלעס איינצושלינגען ווערט אַלץ ברענעדיגער, וואָס מעהר דאָס וואָס מען רופֿט אָן „ציוויליזאַציאָן“ גייט ווייטער, אַזאַ חיה רעה וועט אין דיזעס ביכעל אָבגעמאָלט ווערן און רעקאָמאַנדירט ווערן, אַז מען זאָל זיא אויסראָטען.

קוקט אייך אַרום! אין יעדעס לאַנד וואָס מען רופֿט אָן "קולטורלאַנד" („קול-טור“ הייסט: בעאַרבייטעט, ניט מעהר רויה) זיינען דאָ צווישען יעדערע הונדערט מענשען אפשר 95 וואָס פֿערמאָגין גאָר ניט, אָדער בייגאַהע גאָר ניט, און בלויז אפשר 5 וואָס זיינען אָנגישטאָפּט מיט געלד.

עס איז ניט נייטיג אויפֿצוזוכען אַלע הינטערוועגין, דורך וועלכע דיא געלד-פֿרעסערס האָבין זיך זייער פֿערמעגין פֿערשאַפֿט. אַז מען בעטראַכט נאָר דאָס איינע, אַז זיי אַליין האָבין אַלעס און אַלע איבעריגע מענשין, וועלכע זיינען דאָך אויך אַזוי וויא זיי אויף דער וועלט נאַקעט געקומען און האָבין דאָך אויך דאָס אייגענע רעכט אויף אַלעס וואָס זיי טרעפֿען אָן אויף דער וועלט, — האָבין ניט מעהר וויא זייער צרה'דיג לעבען; אַז מען לייגט זיך נאָר דאָס איינע איבער, ברויכט מען שוין גאָר ניט צו שטודירען דיא סאָציאַלע וויססענשאַפֿטען, נאָר מען קען שוין גלייך פֿון אויבענאויף גאָר ניט דאַראַן מסופק זיין, אַז דיא וויניגע רייכע זיינען רייך געוואָרען אויף דיא קאָסטען פֿון דיא גרויסע מאַסע אָרימע, וואָס האָבין נאָרניט, אַז דיא ערסטע האָבין דעם חלק פֿון דיא לעצטע!

געטהע, דער פֿערגעטטערטער דייטשער דיכטער, דריק
דאַריבער. ער שרייבט:

זאָג נאָר, קינד! פֿון וואַנען קומען אַלע גאַבען?
זיי זיינען דאָך געוויס ניט געבראַכט דורך ראַבען?
וויא הייסט! אַלעס האָב איך פֿון טאַטען.—
און ער?—פֿון זיידען.—
אָבער וויא איז ער דערצו געקומען?
ער?... ער... האָט זיי גענומען.

יאַ, געוויס, אַלע רייכטימער זיינען אַ מאָל גענומען געוואָרן! אַמאָל גאָר פשוט מיט געוואַלד, מיט דעם רעכט פֿון פֿויסט, אַמאָל דורך שווינדעל, אַמאָל דורך בעטריגעריי; אָבער אַלץ מיט אונרעכט האָבן דיא רייכע, אין דיא אַלטע צייטען, פֿערכאַפּט דעם גרונד מיט אַלע עשירות'ן וואָס געפֿינען זיך אויף איהם. אַזוי, דורך אַזעלכע רשעות און רציחה, זיינען ענטשטאַנען דיא רייכטימער פֿון דיא רייכע.

אויך דער צווייטער דייטשער דיכטער, שילער, גיבט איינעם פֿון זיינע העלדען אין מויל אַריין:

„איך וויל לעבען, איך האָב דאָס רעכט צו לעבען, און דיא מענשענגיזעלשאַפֿט וויל מיר דאָס רעכט ניט געבין;... יעדע צוזאַמענלעבונג איז דורך געוואַלד בעגאָנען; דיא ערסטע מענשענשטאַמען זיינען גיווען בעוואַפֿענטע פעראייניגונגען...; אַ צוזאַמענלעבונג פֿון באַנדיטען וועט שוין רעכטפֿערטיגער זיין וויא דיזע אַלטע ריצאַרסקע מענשענגיזעלשאַפֿט, וואו דיא עדעלסטע הערצער זיינען שוין אין פֿאָראויס פֿערמשפּט אויסצוגיין".

וויל אָבער דיא איצטיגע רייכע האָבין דאָס ניט געטאָן אַזוי אָפֿענבאַר, נאָר זיי האָבען דיא רייכטהימער געיאַרשעט פֿון טאַטען און דער טאַטע פֿון זיידען און אַזוי ווייטער ביז צו דיא ערסטע באַפֿערס, און וויל דיא ערסטע געכאַפּטע רייכטהימער זיינען שוין איף פערשידענע אַרטען איבערגעגאַנגען פֿון האַנד צו האַנד, דאַרום האָט מען שוין גאָר פֿערגעסין פֿון וואַנען דיא רייכטהימער אייגענטליך נעהמען זיך און דאָס וואָרט „אייגענטהום" האָט שוין גיקראָגען עפּעס אַזאַ אַלטערטהימליך און גרויי איטזעהען, וועלכעס פֿערשאַפֿט איהם כבוד און אַכטונג אין דיא אויגען פֿון דיא, וועלכע קוקען ניט טיעף אין דיא זאַך אַריין; דאַרום בעטראַכט מען נאָך אַלץ ניט דיא אייגענטומסבעסטיע פֿיר איינע אונגעהוירע חיה, אַזוי וויא זיא איז, נאָר זיא ווערט נאָך גאָר רעספעקטירט.

און דאָך זיינען אַלע מענשין, וועלכע גיהערן ניט צו דיא קליינע צאָהל אייגענטהימער, זייערע שלאַכטאָפּפֿערס.

נאָך דעם נאַטירליכען רעכט, האָט יעדער מענש וואָס קומט אויף דער וועלט, אַ חלק אין דיא וועלט, דאָס רעכט צו נעהמען וואָס ער ברויך צום לעבין. אפילו אַ חיה, אַ פֿויגעל, אַ וואָרעם, קענען זייער חלק אויף דער וועלט פֿראַנק און פֿריי נעהמען, וויא זאָל עס אַ מענש ניט מעגין? אָבער דיא אייגענטהומסבעסטיע האַלט גאָר ניט פֿון דעם נאַטורעכט; זיא נעהמט זיך ניט וואָס זיא ברויכט, אַזוי אַז יעדער אַנדערער מענש זאָל אויך קענען נעהמען וואָס ער ברויכט. ניין! זיא

נעהמט אַללעס צו, ויא שלינגט אַלעס איין! דאַרום געפֿינט יעדעס קינד, וואָס קומט אויף דיא וועלט ביי ניט אייגענטימער, יעדעס פּיצעלע ערד פֿערנומען. עס איז ניט דאָ איין זאַך וואָס זאָל ניט האָבין קיין „הערר". וואָס דען בלייבט דעם קינד איבער, ווען עס ווערט גרויס, צו טאָן, אום צו האָבין דיא מיטעל צום לעבין? ער זאָל זיך גיין אויסאַרבייטען? אָבער אַז מען וויל אַרבייטען, איז ניט גענוג צו האָבין ווילען, פֿלייס און געשיקליכקייט צו דער אַרבייט, נאָר מען מוז האָבין אויך רויהשטאָף, ווערקצייג און לעבינסמיטעל צו לעבין ביז דיא אַרבייט וועט קענען איינברייגען, און דיזע זאַכען, וויא געזאָגט, געפֿינט דער אָרימאַן ניט פֿריי. ער מוז זיך דאַרום ווענדין צו יענע, וועלכע האָבין דיא אַלע זאַכען פֿערכאַפּט אין זייערע הענד. נו, דיא רייכע ערלויבען איהם צו עקזיסטירען. זיי וועלין איהם געבין וואָס ער ברויכט; אָבער דאַפֿיר מוז ער זיך אָפּזאָגען פֿון זיין קראַפֿט און זיין פֿעהיגקייט. דיא, וועלכע מען מיינט אַז זיי זיינען זיינע לעבינסרעטטער, פֿערווענדען זיין פֿלייס, זיין געשיקטהייט און קראַפֿט פֿיר זיך. זיי שפּאַננען איהם איינפֿאַך איין אין אַ יאָך; זיי צווינגען איהם מיט זיינע לעצטע גייסטיגע און קערפּערליכע קרעפֿטען נייע אוצרות צו בעשאַפֿען פֿיר זיי, וואָס ער טאָר צו זיי קיין האַנד ניט אויסשטרעקען. און וואָס גיבען זיי איהם דאַפֿיר? אַ הונגערלוין, צו פֿיעל, אום צו שטערבען, אָבער צו ווייניג, אום צו לעבין! אַ לעבין, צו בבביד פֿיר אַ חזיר (אָדער אפשר אויך ניט) און פֿיעל צו נידעריג פֿיר אַ פֿיינערע חיה, ניט נור פֿיר אַ מענש!

ווען דער אָרימער זאָל זיך פֿריהער וועלין בעזיננען, אויב עס איז אייגענטליך גאָר אַ פלאַן אַזאַ אונגלייכען האַנדעל צו מאַכין, וואָלט איהם זיין איינגעשרומפּענער מאָגען באַלד גילערנט אַז ער האָט דאָך קיין צייט ניט.

און ווייל אַ סך מיליאָנען מענשין געפֿינען זיך פּונקט אין דיא אייגענע לאַגע וויא ער, איז ער נאָך דאַביי אין סכנה אַז אין מיטען דרינגען, וויא ער וועט זיך דאָ איבערלייגען, וועלין דאָ דערווילע הונדערט אַנדערע זיין שטעל צוכאַפּען און ער וועט גאָר בלייבען אין דיא לופֿט הייגגען. שרעקליך שמייסט דער הונגער מיט זיין בייטש איבער דעם קאָפּ פֿון דעם אָרימען. אַז ער וויל לעבין, מוז ער זיין אייגענעם „איך" טעגליך און אַלע שעה פֿרייוויללינג פֿערקויפֿען.

עס וואַרן אָבער צייטען, ווען דיא געאַכטע וועלטרויבער, דיא הערשענדע קלאַססען, פֿלעגין גיין פֿאַנגען שקלאַפֿען, און דיא שקלאַפֿען, וועלבע פֿלעגין אַריינפֿאַלען אין זייערע הענד, פֿלעגין זיי בינדען מיט קייטען און מיט גיוואַלד צווינגען צו דיא אַרבייט. שרעקליך האָט עס אויך אויסגיזעהן אין דער וועלט, ווען דיא כריסטליך-גערמאַנישע רויבריטטערס האָבין גאַנצע לענדער גירויבט, האָבען אַוועקגענומען ביי דיא פֿעלקער דיא ערד פון אונטער זייערע פֿים און האָבין זיי גענויט צו אַרבייטען פֿאַנטשינע. דאָס איז אָבער נאָך אַלץ גאָר ניט געגען דעם היינטיגען צושטאַנד. דעם שפּיץ פֿון דיא גרויזאַמקייט האָט ערסט בעשאַפֿען דיא היינטיגע „אָרדנונג" דיא נייםאָדישע קאַפּיטאַליסטישע וועלטווירטהשאַפֿט; דען זיא האָט ביי $^{9}/_{10}$ פֿון דיא גאַנצע מענשהייט אַלע לעבינסמיטעל אַרויסגעשווינדעלט; זיא האָט זיי גימאַכט אָפּהייגגיג פֿון איין קליינע מינדערהייט

און האָט זיי דיא $^9/_{10}$ פֿערראַמט זיך אין גאַנצען אַוועקצוגעבין, און דאָך האָט דיא ניימאָדישע וועלטווירטהשאַפֿט איהרע גרויזאַמקייט אַזוי פֿערהילט, אַזוי פֿערוויקעלט, מיט אַלערליי פֿאָרמעלן, אַז דיא ניימאָדישע פֿאַנטשיזניקעס, דיא כריסטליכע „פֿרייע" לוין-שקלאַפֿען — קענען גאָר ניט זעהן, וויא זיי זיינען בערויבט פֿון זייער רעכט און מיינען אַז עס איז זייער מזל אַזוי צו זיין! וועהרענד דער אַלטער שקלאַף, וואָס איז גיוועזן גיבונדען אין אייזערנע קייטען צו אַרבייטען פֿיר זיין רויבער, האָט לייכט גיזעהן וויא יענער איז זיין מערדער, האָט דיא היינטמאָדישע ווירטהשאַפֿט, פֿיר איהרע „פֿרייע" שקלאַפֿען, אַנדערע קייטען, נעהמליך ד ע ם ה ו נ ג ע ר, וועלכע בינדען איהם פֿיר זיין רויבער צו אַרבייטען, און דער בערויבטער שקלאַף מוז שוין מיט שכל אַריינקוקען אין דיא פֿערוויקעלטע וועלטמאַשין, איידער ער דערקענט אַז עס געשעהט איהם אונרעכט. דאַמיט איז דיא ניימאָדישע וועלט פֿאָרטגעשריטען! דאָס איז דיא בעזונגטע ציוויליזאַציאָן וואָס דיא חנפים ריהמען זיא אַזוי!

היינט איז דאָס אַלעס נאָר גירעדט פֿון דיא לוינשקלאַפֿען, וועלכע האָבין דאָס גליק צו געפֿינען אַ רייכע פּיאַווקע וועלכער וויל זיי געבין אַ הונגערלוין פֿיר אויסצוזויגען זייער בלוט. דיזע זכיה האָט אָבער ניט יעדער בערויבטער אָרימאַן. דאָס איז אויך פֿערבעסערונג און פֿאָרטשריט פֿון דיא היינטמאָדישע ציוויליזאַציאָן: אין דיא אַלטע וועלט האָט דער שקלאַפֿען-טרייבער גלאַט גילאָזט אָנאַרבייטען רייכטימער דורך זיינע שקלאַפֿען, עס זאָל זיך ליגען, אַז ער זאָל זיך דאַמיט קענען רעפּרעזענטירען פֿאַר זיינע רויבקאָלעגען. און אויך ווען ער האָט גאָר ניט געהאַט צו טאָן, האָט ער אויך גיהאַלטען זיינע שקלאַפֿען און האָט זיי גישפּייזט, וויא זיין אייגענטום. אין דיא היינטמאָדישע ציוויליזירטע וועלט האָט אָבער דער שקלאַף דאָס גליק „פֿריי" צו זיין. דער שקלאַפֿענרויבער האַלט איהם ניט אויס און גיבט איהם אויך ניט צו עסין — נאָר ווען ער ברויכט איהם צו דער אַרבייט. אויך איז היינט איין געלד-און „געשעפֿטסוועלט", און דער רייכער לאָזט אַנדערס ניט אַרבייטען, נאָר ווען ער ווייס מיט דיא פּראָדוקטען געלד צו „פֿערדיענען". דאָס הייסט צו האָבין דאַפֿון איין „עובר-לסוחר" אַרטיקעל, וואָס ער קען עס צו יעדער צייט גלייך אויסטוישען אויף וואָס ער וויל. ווייל אָבער דיא גרויסע מאַססע ווערט אימער מעהר און מעהר אויסגעפּאָמפּט דורך דיא געוואַלטיגע קאַפּיטאַליסטען-פּאָמפּע, זאָ ווערט דיא מאַסע אימער וויניגער אין שטאַנד צו קויפֿען דיא פּראָדוקטען, וועלכע ווערן אָנגעמאַכט; און פֿון דיא אַנדערע זייט ווידער, ענטוויקעלט זיך דיא מעכאַניק זעהר ראַש, און דיא פּראָדוקטען ווערן אימער אין אונגעהייערע גרויסע מאַססען אָנגעפֿאַבריצירט, מיט אימער וויניגער הענד, דאַרום ווערן דיא פּראָדוקטען אימער וויניגער „עובר-לסוחר" (אויסטוישבאַר) און דער קאַפּיטאַליסט איז אימער וויניגער אים שטאַנד דורך פֿאַבריקאַציאָן געלד צו שלאָגען און אימער וויניגער שקלאַפֿען ווער-רען געברויכט. דאַרום פֿערמעהרט זיך טאָג-טעגליך דיא צאָהל פֿון דיא „ענטערבטע", (דאָס הייסט מענשין וואָס עס איז פֿון זיי אַוועקגענומען געוואָרן זייער חלק ירושה אין דער וועלט, וואָס עס קומט זיי אַזוי גוט וויא יעדען מענש), וועל-

כע קענען צומאָל ניט קריגען קיין קויפֿער צווישען דיא וועלט איינשלינגער! דאַרום
ווייזט דיא אָפֿיציעליע סטאַטיסטיק, אַז אַלע יאָהר זיינען מעהר טויזענדע „אַר-
ביטסלאָזע“, וואָס גייען אַרום און הונגערן אין דיא „רייכע ציוויליזירטע וועלט“!

פֿיר אידען איז דאָס אָבער נאָך גרויזאַמער. דאָס יודישע פֿאָלק איז אין אַלע
צייטען, דורך דיא מערדערישע וועלטרויבער און רעגיערונגס-באַנדיטען און דורך
דיא שוואַרצע דיענער פֿון דיא בלוטיגע רעליגיאָן, געווען שרעקליך פֿערפֿאָלגט
און בערויבט, און האָבין עס צו קיין נאַטירליכע עקזיסטענץ ניט צו געלאָזען. ווען
דיא ענטערבטע מאַסען פֿון אַלע אַנדערע נאַציאָנען האָבין כאָטש געהאַט דיא
געלעגענהייט און דיא מעגליכקייט צו זיין שקלאַפֿען, פּאַנטשיזניקעס און לוינאַר-
בייטער, אום זייער לעבענסמיטעל צו קענען אַרויסקריגען פֿון דיא אייזערנע לאַפּעס
פֿון דיא וועלט - פֿערכאַפּערס, איז פֿיר דיא אידישע מאַסע דאָס אויך ניט איבער-
געבליבען. פֿון איין זייט האָבען זיי דיא גרויזאַמע וועלטאיבערהערשערס ניט
צוגילאָזין צו בלייבען זיצען אויף איין פּלאַץ און האָבין זיי געטריבען פֿון איין אָרט
צום אַנדערין; פֿון דיא אַנדערע זייט האָט דער וואונדערבאַרער פּרייהייטס-גייסט
וועלכער האָט דאָס אידישע פֿאָלק בעהערשט, צייט זייער רעוואָלוציאָן אין מצרים,
זיי ניט צוגעלאָזין זיך צו פֿערקייפֿען צו דיא פֿון זיי פֿעראַכטע „פּריצים“ (וויא עס
בעווייזט דער נאָמען וואָס זיי האָבין זיי גיגעבין). דיזע און נאָך מאַסען אַנדערע
היסטאָרישע אומשטענדען האָבין דאָס אידישע פּראָלעטאַריאַט (דיא אָרימע מאַסע)
פֿערהינדערט צו זיין דאָס אייגענע וואָס אַנדערע פּראָלעטאַריאַטס פֿון אַנדערע
פֿעלקער: אַרבייטסשקלאַפֿען פֿון אַלע סאָרטין ביי דיא פּריצים,—און עס איז פֿון
דעם פֿאָלק גיוואָרין אַ הענדלער, איין שאַכערפֿאָלק.

דיא אידען האָבין נעמליך אָנגענומען דיא ראָלע צו פֿערמיטלען דעם אויס-
טויש פֿון דיא פּראָדוקטען פֿון פֿערשיעדענע לענדער און פֿעלקער, איין ראָלע
וועלכע איז דאַמאָלס גאָר ניט אונוויכטיג געווען, ווען דער פֿערקעהר צווישען דיא
פֿעלקער איז געווען וויא מיט אייזערנע מויערין געהינדערט, ווען איין פֿאָלק האָט
גילעבט אין פֿולע פֿינסטערניס און אונוויסענהייט איבער דיא צושטענדע פֿון אַלע
אַנדערע פֿעלקער, און איין אָפֿענער איבערבליק איבער דיא גאַנצע וועלט איז גי-
ווען אונמעגליך. אין אַזאַ צושטאַנד איז נאַטירליך אונמעגליך גיווען אַ וואַרענ-
אויסטויש צווישען דיא פֿעלקער דורך פֿערבינדונג פֿון דיא פעלקער זעלבסט און
דורך עפֿפֿענטליכע סטאַטיסטיקען פֿון פּראָדוקטען און זייערע קוואַנטיטעטען
(וויפֿיעלהייטען) אין יעדען לאַנד וויא דאָס איז יעצט. אין אַזאַ צושטאַנד איז דיא
ראָלע פֿון דיא אידישע נאַציאָן, אַלס הענדלער צווישען דיא נאַציאָנען, זעהר וויכ-
טיג גיווען, און האָט זיי זייער פּרנסה פֿערשאַפֿט. וויא דיא נייִמאָדישע קאַפּיטאַ-
ליסטישע וועלטווירטהשאַפֿט האָט זיך אָבער אויסגעדרייט, ווען דער גרויסער
קאַפּיטאַליסט איז אים שטאַנדע ריעזיגע זאַכען אויסצופֿיהרען דורך דיא נייע איי-
זענבאַהנען, טעלעגראַפֿען, דאַמפֿשיפֿען א. ז. וו.—איז דאָס וואָרט פֿון דער ביבעל
אין פֿולע פּראַקטיק געקומען: „ותעש האדם כדגי הים“ מיט דיא צופֿיגונג פֿון
תלמוד „מה הדגים: הגדול בולע את הקטן כך האדם הגדול מחברו בולע את חברו“
(אַז דער מענש איז וויא דער פֿיש אין וואַסער, וואו דער גרעסערער שלינגט איין

דעם קלענערן). פונקט וויא אין דיא פאַבריקאַציאָן, אַזוי אויך אין האַנדעל
שפרייט דער געוואַלטיגער גרויסער קאַפּיטאַליזמוס אויס זיינע געוואַלטיג גרויסע
לאַפּעס אָבצופּליקען אַלע פּרוכטען פון אַלע האַנדעלסצווייגען און שלינגט איין
אין זיין אונגעהייערען בויך אַלע קליינע האַנדעלס-בעשעפטיגונגען, אַחוץ וואָס דיא
קאַפּיטאַליסטישע בעסטיע פערוויסט גלאַט פיעלע האַנדעלסווייזע, מיט אַלע איהרע
פערוויסטענדע פאָלגען, וויא יעדער מענש וואָס האָט אַ שטיקעל ידיעה אין סאָ-
ציאַלע וויסענשאַפט בעגרייפט. דאַדורך זיינען איצט אַלע שאַכער און הענדְ
לער צווייגען, פון וועלכע דיא אידישע מאַסען האָבין צייט הונדערטער יאָהרען
דיא אָרימזעליגע פרוכטען געפּליקט, אונפרוכטבאַר געוואָרין, און אויף דיא זעהר
וויניגע איבערגעבליבענע האַנדעלסצווייגען, וועלכע טראָגין נאָך עטוואָס, היינגען
זיך אָן הונדערטער, טויזענדער אונגליקליכע, ביז זיא ברעכט זיך אויך אָפּ.

אַזוי איז דאָס אידישע האַנדעלס-פּראָלעטאַריאַט איצט דאָפּעלט אונגליקליך;
דיא געוועהנליכע נאַהרונגסצווייגען, פון וועלכע ער פּלעגט צו לעבין, טראָגען דעם
האַנדעלס-אידעל קיינע פּריכטען מעהר, און דיא לעצטע הילף וואָס בלייבט איבער
פּיר דעם ענטערכטען פּראָלעטאַריער פון אַנדערע פּעלקער: צו זוכען זיך צו פּער-
קויפען פיר איין אַרבייטסשקלאַף, האָט ער אויך ניט, וועיל, וויא געזאָגט, דער אידי-
שער האַנדעלס-אביון איז ניט ערצויגען צו דער אַרבייט; ניט זיינע קרעפטען זיי-
נען דאַצו ענטוויקעלט, און ניט ער האָט איין ספּעציאַליטעט געלערענט! איצט
חלש'ן נעבאַך דיא אידישע האַנדעלס-אביונים צו ווערן בעלי-מאלכות, זיי וואָלטין
נעבאַך גערנע מיט שוויס געאַרבייט, אָבער, וויא גיזאָגט, זיי זיינען ניט דאַצו גע-
שאַפּפען, אַחוץ וואָס מען קען איבערהויפּט קיין אַרבייט ניט געפינען און עס
בלייבט זיי ניט אַנדערס איבער, וויא אַרומצושווערמען אויף דער וועלט, וויא טויטע
אויף דעם עולם התוהו, און ביסלעכווייז אויסצוגיין פון הונגער און ניט אין דיא
רייכע ציוויליזירטע וועלט! אַחוץ דעם איז דער איד נאָך איבעראַל פּעראַכט; וועיל
דיא היינטיגע רעגיערונגסבאַנדיטען און אויסבייטער געפינען עס זייער גיפעהרליך
פּיר זיי ווען דיא פּעלקער וועלין זיך אַרויסשלאָגען דעם דוממען פּעלקערהאַס פון
קאָפּף. פּיר זיי איז עס איין זעהר גוט געשעפט ווען דיא פּעלקער רייסען זיך
אַרום און האַססען זיך וויא חיות רעות; וועיל דאַמאָלס האָבין דיא פּעלקער מיט
זיך צו טאָן און קוקען זיך ניט אום וויא דיא גרויסע וועלטרויבער בעראַבעווען אַ
וועלט. און וועיל אויפצורייצען דיא מ ע כ ט י ג ע פּעלקער אויפאַנאַנדער קענען
זיי ניט אונגעשטראַפט, האָבין זיי געפונען איין אונגליקליך יודיש אַרומשלעפּער-
פּאָלק, וועלכעס זיי קענען פייניגען אונגעשטראָפט, וועיל עס האָט קיין פּאָליטישע
מאַכט, האָבין זיי איהם גימאַכט פּיר אַ „שעיר המשתלח" און לייגען אויף איהם
אַרוף אַלע זינדען און אַלע צרות, און האַלטען דיא פּעלקער בעשעפטיגט מיט יודען-
האַס, כדי זיי זאָלין זיך איינריידען אַז אַלע צרות קומען זיי פון אידען און אַז זיי
זאָלין זיך ניט אומקוקען אויף זייער רשעות (*).

---

(*) צום גליק האָבין אָבער דיא סאָציאַליסטען פון אַלע פּעלקער שוין אויפגעמאַכט דיא
אויגען; זיי פערשטייען דיא שופטיגע שטרייכע פון אַלע רעגיערונגסבאַנדיטען און אייגענטומס-
בעסטיעס. זיי ווייסען שוין וואו דיא מכה ליגט, און לאָזין זיך ניט מעהר אָנהאַקען אַ קאָפּ מיט

סך הכל איז דאָס שיינע בילד פֿון דיא רייכע ציוויליזירטע וועלט דאָס פֿאָל-גענדע:

פֿון אַלע מענשין וועלכע זיינען גלייכע קינדער פֿון אונזער אַלגעמיינע מוטער: דיא נאַטור, האָבין זיך אפשר 5 פֿין הונדערט צוגיכאַפּט דיא גאַנצע ירושה, און אפשר 95 פֿין הונדערט מוזין זיך פֿערקויפֿען פֿיר עבדים כנענים צו דיא 5 און בעשאַפֿען אוצרות פֿיר זיי, כדי דיא רויבער זאָלין זיי געבין אַ קליין טייל פֿון דיא אוצרות וואָס זיי בעשאַפֿען אַליין. און וואָס גיבען זיי? אַ הונדיש לעבען, איין עקזיסטענץ פֿול זאָרג און קאָפּברעכענים! יעדע רויבערבאַנדע האָט זיך אָבגעקלי-בען אַ שטיק פלאַץ אויף אונזער וועלט און זיי זיינען אַזוי ג ו ט (?) דיא ענטערבטע נאַטורקינדער, וועלכע ווערן גיבאָרען אויף ד ע ם פלאַץ, צו ערלויבען צו רופֿען זיך ה יי מ י ש ע אויף דעם שטיק פלאַץ, (דאָס הייסט אַז זיי מעגין דאָ פגר'ן פֿיר הונ-גער און אויסגיהאַרגעט ווערן אַרבייטענדיג). אַנדערע ענטערבטע נאַטורקינדער אָבער האָט מען פֿון דעם פלאַץ וואָס זיי האָבין פֿאַרצייטענס קוים מציל גיווען פֿון דיא וועלטרויבעריי אַוועקגעיאָגט, און איבעראַל וואו זיי קימען ערקלערט מען זיי פֿיר „פֿרעמדע“, (עפּעס אַ שטייגער וויא דיא מוטער „נאַטור“ וואָלט אָבגעשריבען ווירקליך דאָס שטיק פלאַץ פֿיר זיי !). מען רייצט אָן דיא „איינהיימישע“ ענט-ערבטע אויף דיא „פֿרעמדע“ ענטערבטע און מען דערעסט זיי נאָך דאָס לעבין אַ-חוץ זייער הונגער און נויט! טויזענדער „איינהיימישע“ און „פֿרעמדע“ נאַטורקינ-דער שווערמען אַרום מיט פֿערקלעמטע הערצער אין דיא ברייטע, רייכע, פרעכ-טיגע גאַסען, וועלכע זייערע ליידענסברידער האָבין גימאַכט; נאַקעט—פֿערביי אָנגישטאָפּטע קליידער מאַגאַזינען, דיא פֿרוכטען פֿון זייערע אַרבייט, וועלכע האָ-בין קיינע קויפֿער; באָרוועס—לעבין שוהמאַגאַזינען, זייער אייגענע פֿאַבריקאַ-ציאָן; אָן אַ שטיקעל דאַך—לעבין פֿון זיי געבויטע ריזיגע הייזער. זיי שווערמען אַרום, ניט האָבענדיג אויף זייער וועלט מעהר וויא זייערע איינגעדאַרטע קישקעס מיט צוויי הענד, זוכענדיג איין וועלט-איינשלינגער וואָס זאָל זייער פערזאָן כאָטש וועלין קויפֿען, אום זיי צולאָזין בעשאַפֿין אוצרות מיט דעם ווערקצייג וואָס ער האָט געשטאָלען, אוים דעם רוישטאָף וואָס ער האָט גערויבט, אויף דעם גרונד וואָס ער האָט פֿערכאַפּט און פֿיר וועמען ? פֿיר איהם, פֿיר דעם רויבער, ער זאָל זיי כאָטש דאַפֿון געבין דאָס נייטיגע זייער לעבין צו דערהאַלטען. און ניט לייכט געפֿינט מען דאָס: דיא וועלט-איינשלינגערס לאָזין בעשאַפֿין אוצרות נאָר בתנאי זיי זאָלין זיי געבין ריוח, זיי זאָלין צו יעדע צייט פֿון זיי קענען מאַכען וואָס זיי ווילען (עובר לסוחר), און דאָס גייט ניט אימער. דאַרום זיינען נאָך דאָ אַ מאַססע נאַטורקינ-

---

יודענהאַס. זיי רייכען דעם אָרימען אידישען ברודער דיא וואַרמע ברודערהאַנד, עבען וויא דיא אָרימע פֿון אַלע פֿעלקער, אום צוזאַמען דיא שונאים און רויבער פֿון אַ ל ע אונגליקליכע פֿון אַלע אומות, וואָס זיינען קיינע אַנדערע וויא דיא רעגיערונגסבאַנדיטען און רייכע וועלטאיינשלינגערס, דעם קאָפּ צו צושמעטערין, דאַן ווען מען וועט פֿון זיי פטור ווערן, וועלין אויפֿהערען אַלע צרות פֿון אַ ל ע אומות: אָרימקייט, נויט, קראַנקהייטען, פֿעלקערהאַס און אַלע יסורים וועלין ניט מעהר זיין, און דיא אמת'ע גאולה וועט קומען. ניט נאָר פֿיר אידען זאָנדערן פֿיר אַלע אונגליקליכע פֿון אַלע אומות.—דער איבערזעצער.

דער וואָס געפֿינען גאָר ניט קיין קויפֿער אויף זייער פראַצע און ווערין גרין און געל
פֿון הונגער ביז מען געפֿינט זיי ערגעץ טויט וויא אַ גיפגרטע קאַץ, און דיא וועלט-
איינשלינגערס זיינען דאָך זאָ „וואָהלטהעטיג“ זיין טויטען קערפער ניט צו לאָזען
ליגען אין מיטען גאַס, אַזוי וויא אַ טויטע קאַץ, נאָר זיי פֿיהרען איהם אַוועק אין אַ
גרינעם אָדער שוואַרצען וואָגען און „שיינקען“ פֿיר זיין קערפער נאָך אַ שטיקל ערד!
דאָס איז דאָס בילד פֿון דיא רייכע, „ציוויליזירטע וועלט!“

* * *

יעדער פֿערשטענדיגער מענש וועט דאָך אָבער פֿערשטיין, אַז עס מוז ניט
אַזוי בלייבען. מען קען דיא מענשען געבין זייער נאַטוררעכט, און דיא וועלט
אַזוי איינריכטען, אַז יעדער זאָל גליקליך זיין. אָבער דיא פֿאָרנעהמע „הערען“,
דיא וועלט-הערשער, פֿאַלט גאָר ניט איין דיא וועלט צו פערבעסערן. זייער
איינציגער פֿערלאַנג איז, אַז דער היינטיגער געוואַלטיגער, גרויזאַמער צושטאַנד
זאָל איביג בלייבען. אמת איז, אַז צווישען זיך לעבין דיא רייכע אויך ניט בשלום;
אדרבה, איינער זוכט דעם אַנדערן דורך האַנדעלסשפיצלעך, דורך שפעקולאַציאָנס-
כיטראָסט און קאָנקורענץ צו רואינירען און איינצושלינגען; אָבער געגין דעם אָרי-
מען פֿאָלק שטייען זיי וויא איין טריי-פֿערבונדענע, ברידערליך-געשלאָסענע פיינד-
ליכע מחנה, אום איהם איבערצופֿאַלען ווען ער הויבט אויף דיא קאָפּ צו פֿערלאַנ-
גען זיין חלק ירושה און זיין רעכט.

דאַרום איז זייער מיינונג אין דער פּאָליטיק — ניט קוקענדיג וואָס מאַנכע פֿון
זיי דריקען זיך אויס פֿרייזיננינג — אַז עס ברויכט צו עקזיסטירען אַ וויא נור מעג-
ליך שטאַרקע „קאַנטשיק-רעגירונג“.

גייט דער אָרימער בעטלען, ווען ער קען ניט געפֿינען קיין אויסבייטער,
וואָס וויל איהם קויפֿען, אָדער ווען ער איז שוין דורך דיא וועלטאיינשלינגער וויא
אַ ציטראָן אויסגיפרעסט גיוואָרן, דאָס עס בלייבט שוין אין איהם קיין כח ניט אי-
בער צו לאָזען זיך נאָך אויספרעססען, אָדער ווען דיא געשיכטליכע אומשטענדען
האָבין איהם פֿערהינדערט צו זיין אַ בעל מלאכה (אַזוי וויא עס איז דער פֿאַל מיט
פֿיל אידען), דאַן ענטפֿערט איהם דער זאַט-אָנגיפֿרעססענער בורזשואַ (*): „גיי
אַרבייטען!“ אַ שטייגער וויא ער אַליין וואָלט שווער און ביטער געאַרבייט!...
אַ שטייגער וויא שווינדלען איז אויך איין אַרבייט! אַ פנים אַז עס פֿעהלט דעם
אונגליקליכען נאָר צו וועללען אַרבייטען, דאַן געפֿינט ער שוין טויזענד פֿיר איי-
נעם וואָס וועט איהם כאַפּען צו דער אַרבייט! אָדער אַ שטייגער אַז ער, דער
אָנגיפֿרעסענער, וועט איהם באַלד געבין אַרבייט, און הפנים אַז ווען ער וועט איהם
שוין געבין אַרבייט מאַכט ער איהם שוין גליקליך! דאָס זאָגט שוין אַ „גוטהער-
ציגער“ בעל הבית. אַ שלעכטער שרייט גאָר, עס איז וואַגאַבונדעריי, און ער
רופֿט דיא פּאָליציי; ער פֿערלאַנגט מען זאָל דעם אָרימען טייוועל געבין מיט דעם

(*) „בורזשואַ“ אין פֿראַנצייזיש הייסט דאָס אייגענע וואָס מען זאָגט אויף אידיש „אַ בעל-
הבית“, דאָס הייסט, פֿון דיא קלאַס מענשין, וואָס זיינען ניט קיין בעלי-מלאכות און ניט קיין אביונים,
נאָר פֿון דיא גרויסע אָדער קליינע אייגענטהומס-בעזיצער. דיזע קלאַססע הייסט „בורזשואַזיע.“
אויף דייטש הייסט עס בירגער.

ראַפּניק אין תפיסה, ווייל ער האָט דיא חוצפה ניט צו וועללען פֿערהונגערן צווישען בערגער פֿון כל טוב, וואָס ער אַליין, אָדער זיינע אָרימע ברידער האָבין געשאַפֿען.

זיי לויבען אימער דיא „זעלבסט-הילף" און געבין דעם קלאַגענדען אָרעמאַן דיא עצה: „העלף דיר זעלבסט!" — אונטערשטייט זיך אָבער דער וואָס קריגט ניט קיין אַרבייט דאָס צו טאָן, זיך צו העלפֿין; טוט ער אים קליינען דאָס, וואָס דיא רייכע טוען אונבעשטראָפֿט טאָג טעגליך אים גרויסען, דאָס הייסט, גייט ער אויך עפּעס נעהמען ווען מען זעהט ניט, אַזוי וויא אַלע האָבין זיך גענומען, אום ער און זיין פֿאַמיליע זאָלין ניט שטאַרבען פֿון הונגער, דאַן צינד זיך דיא בורזשואַזיע אָן פֿייער פֿלאַם. זיא שיט מיט הייסע קוילען פֿון „מוסר" איבער זיין קאָפּ און גיט איהם איבער אן דיא פּאָליציי, כדי מען זאָל איהם אַריינזעצין אין גיפֿענגענים און דאָרט (נאָך וועלוועלער) איהם אויספּרעססען זיין אַרבייטסשוויים.

פֿערבינדען זיך דיא אַרבייטער, אום צו קריגען גרעסערע שכירות, וויניגער אַרבייטס-שטונדען און דעסגלייכען, הייבט דיא חברה באַלד אָן צו לאַרמען: „אַ מרידה! אַ מרידה!" און שרייען געוואַלד מען זאָל דאָס ניט צולאָזען. ריכטען זיך דיא פּראָלעטאַריער איין א פּאָליטישע פּאַרטיי, מיט דעם צוועק איינפֿלוס צו האָבין איף דיא רעגירונג, איז עס — נאָך דיא מיינונג פֿון דיא רויבער — אַ פּאָוו-סטאַנע געגין דיא „געטליכע וועלטאָרדנונג" און עס מוז צו ניכטס געמאַכט ווערן דורך אויסנאַהמסגיזעץ; ווען אַלע אַנדערע פּאַרטייען האָבין אין דעם לאַנד דיא פֿרייהייט צו בעשטיין און צו געבין זייער מיינונג, מוז מען מיט דיא פּאַרטיי פֿון דיא אָרימע איין אויסנאַהמע מאַכען און זייער פּאַרטיי אונטערדריקען.

טראַכט דאָס פֿאָלק ענדליך טאַקי מיט געוואַלט זיך אָנצונעהמען פֿיר זיין געקרענקט רעכט, דאַן קלינגט אויף דיא גאַנצע וועלט אַ בייז געהייל צווישען דיא געלדטיגער, אָהן אַ שיעור און אָהן איין ערך. זיי חלש'ען, אַז מען זאָל מאַכען אַ מגפה צווישען דעם אויפֿריהרענדען פֿאָלק, און זייער בלוטדורסט איז ניט צו לעשין.

סיי וויא סיי איז דאָס לעבין פֿון דעם אָרימאַן פֿיר דעם רייכען אַ גאָרניט. דער רייכער שיפֿסאייגענטהימער שטעלט איין גאַנצע שיפֿען מיט מענשען אין שפּיעל, ווען ער וויל מאַכען אַ גוט גישעפֿט; ער סטראַכירט אַ פֿערפֿוילטע שטיקל שיף פֿיר אַ סך געלד און שיקט עס אויף דעם ים, עס זאָל אונטערגיין מיט אַללע אָרימע מאַטראָזען, אַבי ער זאָל דאַפֿיר אָבנעהמען אַ גרויסע סוממע פֿון דיא פֿערזיכערונגס-קאָמפּאַניע. שלעכטע איינריכטונגען אין דיא מינען, שלעכטע פּאָרפּאָרעס און זאָ וויטער ברייגגען אַללע יאָהר דעם טויט פֿין טויזענדע מינענגרעבער, ווייל דיא רייכע מינען-בעזיצער ווילט זיך מאַכען גוטע ריוחים. ניט מעהר קיי מערט עס אויך דיא פֿאַבריקאַנטען וואָס טויזענדע אַרבייטער ווערן צעריסען צווישען דיא ציין פֿון דיא מאַשינען, פֿערסמט דורך כימישע שטאָפֿפֿען, אָדער פֿון געשטאַנק און פֿון שמוץ לאַנגזאַם דערשטיקט — דאָס טשעפּעט זיי ניט; דיא הויפּט זאַך איז דער ריוח, דאָס פֿערדיענסט.

ווייבער זיינען וועלוועלער וויא מענער, דאַרום זויגט יעדערע קאַפּיטאַליסטישע פּיאַווקע אַם ליעבסטען ווייבערבלוט. אגב קענען זיי צווישען זייערע ווייבליכע לוינשקלאַפֿען וואָלוועלע קעפּסווייבער (פּילגשים) האָבין. קינדערפֿלייש איז דאָס

בילליגסטע. עס איז דאַרום ניט קיין וויאונדער אַז דיא ניימאָדישע קאַנניבאַללען (מענשענפֿרעסער) סטשירענען שטענדיג אויס זייערע ציין יונגע שלאַבטאָפּפֿער איינצושלינגען. וואָס גייט עס זיי אָן וואָס דיא אָרימע קליינע קינדער ווערן אַזוי שרעקליך פֿערוואַהרלאָזט און פֿערהויקערט. וואָס טשעפּעט עס זיי, אַז ווען זיי נעהמען קליינע קינדער צו דער אַרבייט און בעצאָהלען זיי אַ גאָרניט, בלייבען דאַדורך פֿאַמיליענפֿעטער אָהן אַרבייט. ווען טויזענדער פֿון קליינע קינדער ווערן בעגראָבען לעבעדיגער הייט אין דיא מינען, שטייגען זייערע ווערטהפּאַפּיערען אין פּרייז — דאָס איז דיא הויפּטזאַך.

וויל דיא רייכע האָבין אַלעס אין זייער האַנד, מוזען דאָך אַללע נייע ערפֿינדונגען אויך קומען צו זיי אין דיא האַנד אַריין; דאַרום אַנשטאָט וואָס יעדע נייע מאַשין וואָלט געברויכט צו זיין אַ גליק פֿיר אַלעמען, וויל זיא מאַכט דאָך מען זאָל דאַרפֿען ווייניגער צו אַרבייטען און מען זאָל קענען גרינגער האָבין היונה, ברייננגט זיא גאָר גרויסע צרות פֿיר דעם אָרימען פֿאָלק: איינעם זאָגט מען אָב פֿון דער אַרבייט, וויל מען ברויכט איהם ניט מעהר, זיין אַרבייט מאַכט דיא מאַשין; דער וואָס בלייבט נאָך ביי דיא אַרבייט קריגט נאָך ווייניגער בעצאָהלט, וויל עס ווערט צופֿיל אַרבייט, און אַזוי ווערט דאָס גאַנצע פּראָלעטאַריאַט עלענדער און אינגליקליכער. ווען צוזאַמען מיט דיא פֿערמעהרונג פֿון דיא פּראָדוקטען ווערט דאָס פֿאָלק אָרימער, מוז דאָך נאַטירליך דער פֿערקויף און פֿערברויך ווערן קלענער, וויל עס איז ניט דאָ ווער עס זאָל קויפֿען. אַזוי בלייבען סחורות ליגען וואָס עס איז ניט דאָ אויף זיי קיין קונים, און מען מוז פֿיל פֿאַבריקען און גישעפֿטען שליסען. דורך דעם ווערן נאָך מעהרער מענשען אונגליקליך און דיא פּראָלעטאַריער מחנה פֿערגרעסערט זיך. דאָס קומט אַרויס פֿון דעם וואָס אַלע אוצרות זיינען אין דיא הענד פֿון עטליכע. זעהט מען ניט פֿון אויבענאויף, וויא פֿערקעהרט, וויא וואַהנזינניג אַזאַ וועלט-איינריכטונג איז ? !

אָבער ניט נאָר אַלס פּראָדוקטען-אויסאַרבייטער ווערט דעם אַרבייטער אויף כל המיני אופנים זיין בלוט געצאַפּט, נאָר אויך אַלס פֿערברויכער. זיינע קאַרגע פֿערדיענסטען זוכען איהם פֿיעלע קרעמערס וויא אַם שנעלסטען אָבצושווינדלען.

ווען דיא סחורות זיינען שוין דורכגיגאַנגען דורך הונדערטע הענד, וועלכע מען ברויכט אויף טויזענדע כפרות, און אין יעדערע האַנד האָט זיך עטוואָס אָנגיקלעבט; ווען בערזען-לייטע, גרויסע קאַפּיטאַליסטען, מעקלער, בעלי-קאַראָבקעדניקעס און מאַססען אַנדערע דאַרמאָיעדען האָבין שוין געהאַט זייערע ריוחים, וועלבע ווערן אַלץ אַרויפֿגעלייגט אויף דעם פּרייז פֿון דיא סחורה, קומען זיי ערסט צום קליינען קרעמער, וואָס זיינע קונים זיינען ביינאַהע נור דאָס אָרימע פּאָלק. גרויסע קאַפּיטאַליסטען „מאַכען", דאָס הייסט שווינדלען אויס 10—20 פּראָצענט, וויל עס גייט זיי דורך אַזוי פֿיל דורך דיא הענד איז דאָס אויך גענוג ; דער קליינער קרעמער וויל ווייניגסטענס 100 פּראָצענט האָבין. וואָס טוט ער ? ער פֿיהרט איבער דיא סחורות דורך אַללערליי פֿערפֿעלשונגען, וועלכע פֿערגיפֿטען דיא קונים ביסלעכווייז. דאָס איז איין שרעקליך פֿערברעכען, וואָס דער קרעמער זעלבסט איז אָבער דאַרין ניט אין גאַנצען שולדיג, זאָנדערן דיא וועלט-ווירטהשאַפֿט אַליין.

וואָס דען קען ער טאָן ווען דיא וועלט איז אַזוי איינגעריכטעט, אַז מען זוכט נאָר איינצושלינגען? אַז ער וועט דאָס ניט טאָן וועט ער אייך אויסגיין פֿון הונגער וויא אַללע עהרליכע אַרבייטער. אָבער אַ פֿלוך אויף זאָ איין וועלט-פאַראָנדיג, וואָס מאַכט אַז מען זאָל ניט קענען אַנדערס לעבין נור דורך גרוזאַמע פֿערברעכין! און אַ מגפה אויף דיא וועלט-איינשלינגערס, וואָס זיינען דיא אורזאַך פֿון אַזאַ אָרדנונג און וואָס האָבין דיא וועלט אין האַנד און ווילען זיא ניט פֿערבעסערן.

עהנליך צו דיזע בעטריגער זיינען דיא שענקערס, דיא וואָס פֿערפֿעלשען דאָס ביער, פֿערדאַרבען דעם שנאַפּס און אַנדערער גיפֿטמישער, וועלכע מאַכען דאָס לעבין ניט זיכער אין אַלע גרויסע שטעט און פֿאַבריקגעגענדען. וויטער זאָרגען נאָך דיא הויז-ווירטהען וויא ווייט מעגליך דאָס לעבין פֿון דעם אָרימאַן צו פֿערביטערן. דיא וואָהנונגען ווערן אימער שלעכטער, דירה-געלד אימער טהייערער און דיא קאָנטראַקטען אימער רשעות'דיגער. דאַרום ווערט דאָס אָרימע פֿאָלק אימער מעהר און מעהר צוזאַמענגעפּרעסט אין הינטערגאַסען, אויף בוידימער, אין קעלערלעכער און איינגעפֿאַלענע הייזלעך, וועלכע זיינען פֿול מיט וואַנצען, ווילגאָטש און איפּעש. הפיכה-קאַמערלעך זיינען שוין אַ סך געזונדערע וואָהנונגען.

איז דער אַרבייטער אָהן אַרבייט, לויערן וויעדער אַ גאַנצע באַנדע הונגער-שפּעקולאַנטען דאַרויף איהם אין גאַנצען צו רואינירען. בעלי-הלואות און אַנדערע גנבים באָרגען אויף דיא לעצטע בעבעכעס קליינע סוממען אויף גרויסע צינזען. זייערע וועקסלען ווייסען זיי שוין אַזוי אויפֿצושטעלען, אַז מען קען זיי קיינמאָל ניט פֿערקלאָגען; דאָס משכון ווערט פֿערפֿאַלען און דער אָרימאַן זינקט אַ שטופֿע נידעריגער. יענע האַלזאָבשניידער זאַמלען זיך אָבער אָן גרויסע פֿערמעגענסען אין קורצע צייטען. אפילו אַ בעטלער איז אויך פֿאַר פֿיעלע פיאַווקעס אַ גישעפֿט. יעדערע קופּערנע מטבע וואָס דער בעטלער קריגט וועקט אויף דעם חשק פֿון איגענטהימער פֿון שמיציגע שענקען אין הערבערגען, וואָס ווייסען שוין וויא אַזוי זיי אַריינצוקריגען דורך פֿערשידענע שווינדעל. אפילו גאָר גנבים זיינען אויך ניט פֿריי פֿון דיא קאַפּיטאַליסטישע אויסבייטונג. זיי ווערן אויך אונגעהייערליך אויסגעביטען פֿון זייערע „סוחרים", וועלכע נעהמען אָב פֿון זיי דיא גניבות בחצי-חנם און ווערן רייך פֿון דיא זאַכען, וואָס דיא גנבים זאַמלען אָן מיט שווערע מיהע און לעבענסגעפֿאַהר. און וויא געוואַלטיג ווערן אויסגעפלינדערט דיא פֿרויען און מיידלעך, וועלכע זיינען פֿון דיא היינטיגע מערדערישע „געזעלשאַפֿט" אַרויסגעטריבען געוואָרן אויף דיא גאַסען זיך צו פֿערקויפֿען צור שאַנדע, וויא ווערן זיי בעראַבעוועט פֿון זייערע „בעל-הבתים", „בעל-הבית'טעס" און אַנדערע רויבער!

אַזוי גייט עס דעם אָרימאַן פֿון זיין וויעג ביז צום קבר. צו ער פֿאַבריצירט אָדער פֿערברויכט, אויב ער עקזיסטירט אָדער לעבט אין צרות — שטענדיג שטייען אַרום איהם אַ מחנה פֿון הייסדורשטיגע פיאַווקעס, וועלכע חלש'ען פֿיר יעדען טראָפּפֿען פֿון זיין בלוט. אויף דער אַנדערער זייט, הערט דער רייכער קיינמאָל ניט אויף אויסצובייטען דעם אַרבייטער אפילו ווען ער האָט שוין גאָר ניט קיין גרונד זיין חשק — נאָך צו האָבין — צו רעכטפֿערטיגען. האָט איינער שוין אַ מיללויאָן וויל ער האָבין צעהן מיללויאָן; ווער עס פֿערמאָגט הונדערט מיליאָן האָט

חשק צו מיליאַרדען און זאָ ווייטער. דיא שאלה „צו וואָס טויג דיר נאָך?“ — דאָס קומט זיי קיינמאָל ניט אויף דער מחשבה.

גיוויינליך אַנטוואָרטען דיא וועלט אויפֿפֿרעסערס, ווען מען פֿערדאַמט זיי, אַז עס בעשטייען היינט ניט מעהר קיינע אָבגעגרענצטע קלאַססען: היינט בין איך דער רייכער און דו דער אָרימער, מאָרגין קען עס פֿערקהערט זיין. אַפֿילו מאַנכע אָרימע הונגערליידערס ריידין זיך אויך איין, אַז זיי ברויכען ניט צו שטרייטען צו בעפֿרייען זיך פֿון דיא רייכע, ווייל זיי זיינען נאָר לפי שעה אָרים. מאָרגין אָדער איבער מאָרגין, חלומט זיי, וועלין זיי זיין דיא רייכע. פֿעריקטע טרוימער! זיי זעהן נאָך ניט, אַז אין דער רעגיל טראָגט זיך דער אָרימאַן אַרום מיט זיין דולת ביז אין טויט אַריין, צוזאַמען מיט דעם זיסען חלום אַ מאָל רייך צו ווערן. ניטאָ מעהר דיא צייטען ווען מען האָט גיפֿונען אוצרות אונטער אַ בלויען פֿייעריל! מען זעהט נאָך אפשר אַמאָל דאָ אָדער דאָרט וועלכען אויפֿגיקומענען קצין, אָבער וויפֿיל? איינער פֿון מיליאָנען! און דאָס אויך פֿון דיא פֿריהערע יאָהרען, אָבער היינט גישעהען שוין גאָר ניט אַזעלכע נסים! צווייטענס, יעדענפֿאַלס קענען דאָך ניט אַלע מענשין ווערן רייכע קאַפּיטאַליסטען, עס מוזין דאָך אימער בלייבען אַזוי פֿיעל און אַזוי פֿיעל מיליאָנען אַרבייטס שקלאַפֿען ווייל עטליכע מענשין האָבין אַזוי פֿיעל—וואָס איז דער חילוק אויב עס איז חיים וועלבער ליידט דאָס אונרעכט אָדער עס איז לייביש? סיי-ווי-סיי דאָס רשעות בעשטייט.

דער חבר פֿון האַבגיער איז הערשזוכט. דאָס פֿערמעגין איז ניט נאָר איין מיטעל נאָך רייכער צו ווערן, נאָר עס איז נאָך איינע פּאָליטישע מאַכט. אין דיא היינטיגע קאַפּיטאַל-וועלט איז דער „שחד“ (לאַפּקע) ביינאַהע איין אַלגימיינע חלאת. עס ווענדעט זיך נאָר אָן דעם ריכטיגען פּרייז, אָבער קריגען קען מען פֿיר געלד אַלעס וואָס מען וויל. קיין רעכטפּערטיגעס וואָרט איז ביינאַהע ניט צו הערן. מען רעט און מען שרייבט אין דיא צייטונגען אַזוי וויא עס טויג פֿיר דיא קעשינע. דאַרום ווערט איהר קיין מאָל ניט הערן אין דיא פּאַרלאַמענטען, אין עפֿענטליכע רעדען אָדער אין צייטונגען איין וואָרט וואָס איז עהנליך צו דיא וואַרהייטען, וועלכע שטייען אויבען געשריבען. נאַטירליך, דאָס איז גירעט פֿיר דיא אָרימע, און פֿון זיי קען מען גאָר ניט דאַפֿיר בעקומען... דאַרום ווערט איהר, אַרבייטער, איבעראַל, אין אַלע פֿערזאַמלונגען און אין אַלע צייטינגען, ניט אַנדערס הערן און לעזין וויא חניפות, וויא שירות ותשבחות צו דיא רייכע מיט זייערע רעגירונג און זייערע וועלטווירטשאַפֿט. „דער היינטיגער דור“ קלינגט אייך אימער אין דיא אויערין, „איז אַ דור פֿון ציוויליזאַציאָן, פֿון רעכט, פֿון פֿאָרטשריטט, פֿון וואַהרהייט— מיט איין וואָרט—פֿון אַלעם גוטען!“ נאַטירליך, ווען מען רעט אַזוי, קריגט מען אַ קניפּ אין בעקיל און—עפּעס אַנדערעס אין דיא קעשענע פֿון דיא רייכע וועלט-בעלי-הבתים! דיא מענשין וועלכע קענען דורך רעדען אָדער שווייגען, דורך שרייבען אָדער דרוקען, דורך געוואַלטאַקטען אָדער דורך וואָס עס איז איינפֿלוס האָבין אויף דיא עפֿפֿענטליכע מיינונג און פֿיהרען דאס פּאָליטישע רעדיל, ווערן אונטערגיקויפֿט פֿון דיא אייגענטומסבעסטיע. און אַזוי וויא מען וויים אַז דיא עפֿפֿענטליכע מיינונג בעוועגט זיך ניט זעלבסט, נאָר זיא ווערט פֿאַבריצירט

דורך דיא קאָפּשטיקען, רעדעלפֿיהרער און צייטונגשרייבער, וועלכע, וויא געזאָגט זיינען אונטערגיקויפֿט פֿון דיא אייגענטומסבעסטיע, דאַן פֿערשטייט זיך אַז דיא אייגענטומסבעסטיע בעהערשט ניט נאָר קערפּערליך דיא גאַנצע וועלט, נאָר אויך גייסטיג: זיא קען מאַכען דיא מענשין דענקען און גלויבען וויא איהר טויג. דיא אייגענטומסבעסטיע איז אויף דיזע ווייזע, דורך איהרע גאָלדענע רענדלעך, דיא אַלמעכטיגע גאָטהייט!

אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ ווערן מעהר וויא איין האַלב מיליאָן גלחים אונטערהאַלטען, אום דיא פֿאָלקסמאַסען צו בערויבען פֿון זייער געזונדען מענשענפֿערשטאַנד, וויא מען קען לעזין אין דעם ביכעל „גאָטעס פעסט“, אַחוץ דיא „מיסיאָנערן“ וועלכע דרייען זיך אַרום הויז צו הויז, אום נאַרישע ביכלעך צו פֿערטהיילען אָדער אַנדערע „גייסטליכע“ שמוץ צו טרייבען. אין דיא שולע טוט מען אַלעס מעגליכע צו פֿערדערבען דאָס ווייניג גוטעס, וואָס וואָלט זיך גיקענט אָנקלעפּען אָן דעם שילער דורך דאָס לערנען פֿון לעזין שרייבען און רעכענען. דיא וועלטגעשיכטע ווערט פֿערריקט מיסהאַנדעלט און פֿערדרייט אַזוי, אַז דיא לעהרע דאַפֿון מאַכט אָן אין קאָפּ דאָס בעקאַנטע אויפֿגיבלאָזענע פֿינסטערנים וואָס מען רופֿט „פּאַטריאָטיזמוס“, וועלכער פֿיהרט צום טרויעריגען האַס צווישען דיא פֿעלקער און לאָזט ניט צו, אַז דיא פֿעלקער זאָלין איינזעהן אַז זייערע אונטערדריקער, דיא רעגיערונגסבאַנדיטען זעלבסט, האָבין זיך שוין לאַנג פֿעראייניגט געגין דיא פֿעלקער און אַז אים גרונד גענומען, האָט דיא גאַנצע ביזהעריגע פּאָליטיק ניכטס אַנדערעס גיוואָלט בעצוועקין, וויא דיא מאַכט פֿון דיא איבערהערשערס איבער אַלע פֿעלקער צו בעפֿעסטיגען און דיא רייכע צו שטיצען, אַז זיי זאָלין קענען אונגישטערט דיא אָרימע אויספּלינדערין. ווען איז נאָך דען גיוועזן אַ געפּאַסטערע גילעגענהייט, צייט דיא מענשין עקזיסטירען, דיא פֿעלקער אַרויסצושלאָגען פֿון קאָפּ דיא נאַרישע אָנגעבלאָזענע פּאַטריאָטישע עהרזוכט און פֿעלקערהאַס, וויא אין דיא היינטיגע צייט!

דער פֿעלקער האַס שטאַמט פֿון דעם ווילדען און האַלבטהיערישען צושטאַנד דער מענשהייט; ווען דער גאַנצער ערדקוגעל איז נאָך גיוועזן אונבעקאַנט, און דיא ווילדע מענשין האָבין געמיינט אַז דאָס איז דיא גאַנצע וועלט וואָס זיי קענען אויסגיין; ווען שיפֿפֿאַרט איז גיוועזן אונבעקאַנט, איבער דיא מדבר האָט מען ניט גיקענט רייזען, האָבין דיא מענשין גימיינט אַז עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ אויף דיא וועלט פֿיר אַלע מענשין, און עס קען אַנדערס ניט זיין נאָר אָדער דיר טויט און מיר לעבין, אָדער דיר לעבין און מיר טויט. דאַרום האָבין זיי זיך אַרומגיהרג'עט איבער אַ שטיקעל ערד. אַזוי איז דער שטרייט וועגין ערד גיוואָרען אַ געוואָנהייט, אַ צווייטע נאַטור. דאַביי האָבין זיך דיא פֿעלקער ניט פֿערמישט, איין פֿאָלק האָט ניט גיקענט דיא אינערליכע אַנגילעגענהייטען פֿון דעם אַנדערן. יעדעס פֿאָלק האָט גיהאַט בעזונדערע קליידונג, בעזונדערע זיטען, בעזונדערע בעגריפֿע, אַזוי האָט זיך יעדעס פֿאָלק פֿאָרגישטעלט אַז נאָר זיי אַליין זיינען מענשין, און דיא אַנדערע פֿעלקער זיינען אַלע „באַרבאַרען“. דאַרום האָבין זיי זיך גיהאַסט. יעצט אָבער, ווען אַזעלכע ריזיגע וועלטהיילען זיינען ענטדעקט און דיא אייזענבאַהנען,

טעלעגראַפֿען, פּאָסטען, טעלעפֿאָנען און דאַמפּשיפֿען האָבען צושטערט אַלע גרענצען צווישען דיא פֿעלקער און עס איז געוואָרין פֿון דיא גאַנצע וועלט איין לאַנד; ווען אין דיא פֿאָרטגעשריטענע לענדער זיינען איבעראַל דיא זעלבע קליידונג, דאָס זעלבע לעבין, דיא זעלבע מויערין, דיא זעלבע גאַסען, דיא זעלבע בעלייכטונג, אַלעס דאָס זעלבע; אין אַזאַ צייט וואָלט דאָך דיא וועלט פֿון זיך זעלבסט קאָסמאָפאָליטיזירט געוואָרין. אָהנע וועלכע מיהע וואָלטין דאָך דיא פעלקער אָפּגילייגט דעם זעהר נאַרישען פֿעלקערהאַס. עס איז דאָך איבערהויפּט שוין כמעט גאָר ניטאָ קיין בעזאָנדערע הימאַטה, ווען מען בעטראַכט וויפֿיעל מיליאָנען מענשין עס לעבין אין דער פֿרעמד. אָבער עס קומען דיא רעגיערונגסשורקען, וואָס האָבין נאָך דיא האָזע זיך צו רופֿען „דיא פֿאָרשטעהער פֿון אויפֿקלערונג און ציוויליזאַציאָן" און אַנשטאָט דעם נאַטירליכען קאָסמאָפּאָליטיזאַציאָנס-פּראָצעס (דיא פֿערברידערונג פֿון אַלע פֿעלקער אין איין פֿאָלק) צו העלפֿין ענטוויקלען אין, אַלס געבילדעטע מענשין דעם פֿאָלק פֿאָרצולייכטען, אים דעם לעצטען פֿונק פֿעלקערהאַס פֿון דיא נאָך רוילעבע קעפּ אויסצולעשין, זוכין זיי נאָר מיט אַלע מיהע דעם אַלטען פֿעלקערהאַס איינצוהאַלטען און צו פֿערברייטען.

מיט קונסטמיטעל זוכען זיי, דיא „פֿאָרשטעהער דער ציוויליזאַציאָן", דיא מענשען צוריק צו פֿיהרען צום רויען און ווילדען צושטאַנד. פֿון קינדוויז אויף שטאָפּט מען דעם מענשין אין קאָפּ הריגות-געשיכטען, אין וועלכע דיא גרויזאַמסטע מאַסענמערדער וועררן געשילדערט אַלס „עדעלע און רוהמרייכע העלדען" אין דער האַס צו אַנדערע פֿעלקער -- אַלס דאָס עדעלסטע געפֿיהל, דיא גרעסטע טוגענד. אין דייטשלאַנד פֿלאַמט עס אין דיא „ציוויליזירטע" קרייזען פֿון „אַנטי-פֿראַנציזמוס"; אין פֿראַנקרייך — פֿון „אַנטיגערמאַניזמוס". אַזוי פֿערדרייט מען דיא פֿעלקער דיא קעפּ, אַלעס אום דיא דיפּלאָמאַטישע גינער זאָלין קענען אויספֿיהרען זייערע העללישע פּלאַנען, אין דיא פֿעלקער צו שיטען זאַמד אין דיא אויגען, אַז זיי זאָלין זיך ניט בעשעפֿטיגען מיט זייערע וואַהרע אינטערעסען און ניט זעהען ווער זייערע אמת'ע שונאים, און דיא שונאים פֿון אַלע מענשען צוגלייך, זיינען

דיא גאַזעטענשרייבער מיט זייערע הויבלערישע צינגעלעך איבער „געזעצליכקייט" און „אָרדנונג", העלפֿין ווידער אויך פֿון דער אַנדער זייט דיא קעפּ אין דיא געהירען פֿערדרייען, צוליעב דער איגענטהומסבעסטיע און איהרע קלינגערס אַזוי וויא אויך דיא ליטעראַרישע געשיכטע-פֿערפֿעלשערס, דיא רעדעלפֿיהרערס פֿון דיא כלומרשט שטרייטענדע פּאָליטישע פּאַרטייען, מיט זייערע עוויגזיכשמייכעלדיגע פּנים'לעך, מיט שטענדיגע פֿערשפּרעכונגען אויף דיא ליפּען און אַ פֿול הערץ מיט פֿאַלשקייט -- זיי און נאָך אַנדערע פֿון דיא סאָרט העלפֿען דיא מענשין בלינד צו מאַכען, דאָס זיי זאָלין מיינען אַז עס איז אַלעס ריכטיג, גוט און וואויל אויף דער וועלט.

אויך אום צו פֿערדעקין דיא האַרבע סאָציאַלע קשיות זיינען דאָ ספּעציעלע פֿערבלענדערס. צום ביישפּיעל, דיא פּראָפֿעסאָרען פֿון נאַציאָנאַלעקאָנאָמיע, דיא וואָס לערנען דיא חכמה פֿון פֿאָלקסווירטהשאַפֿט — זיי זיינען אויך דיא לייבקאַזאַקען פֿון דיא איגענטהומסבעסטיע. זיי ריהמען דאָס גאָלדענע קאַלב אַלס דיא

אמת׳ע זונן פֿון דעם לעבין, און גאַרבעריי פֿון אַרבייטער-פֿעלל, ריידען זיי איין, איז גאָר „וויסענשאַפֿטליך" ריינע וואָהלטהעטיגקייט. אויסערדעם בעטריגען זיי נאָך דיא אַרבייטער מיט דיא עמפּפֿעהלונג פֿון שפּאָרזאַמקייט און בילדונגרעצעפּטען.

אין דער זעלבער צייט, ווען דיא קאַפּיטאַליסטישע רויב - חברה פֿיהרט דאָס פֿאָלק אַזוי אַרום ביי דיא נאָז, פֿערשטערקט זיא פֿון דער אַנדער זייט איהר געוואַלטס מאַשין—דיא רעגיערונג — אימער פֿעסטער. עס ווערן אימער מעהר אַמטען איינגעריכטעט, דיא קעפּ פֿון דיא מאַשין זיינען אין אייראָפּאַ דיא בנים פֿון דיא אַמאָליגע גאַסענרויבער וואָס מען פלעגט רופֿין „אַרעליגע"; אין אַמעריקאַ זיינען דיא קעפּ פון דער רעגירונגס - געוואַלדמאַשין דיא געשיקסטע שטעלין-יעגער און געריבענסטע גוינער, וועלכע צוזאַמען מיט דעם הויפּטציעל: דאָס פֿאָלק צו קענען פֿעסטהאַלטין אין צוים, פֿערבינדען זיי אויך דיא אַנגענעהמע בעשעפֿטיגונג פֿון קאַססען-גנבים און פֿעלשער אויפֿ׳ן גרויסען אופֿן.

זיי פֿיהרען אָן גאַנצע מחנות פֿון סאָלדאַטען, פּאָליציסטען, שפּיאָנען, גיפֿענגניסוועכטער, צאָלוועכטער, שטייעראיינעהמערס, עקזעקוטאָרען און אַזוי ווייטער. דיא לעצטע רעדלעך פֿון דיא צוואַנג-מאַשין קומען כמעט אַלע אַרויס פֿון דעם אָרימען פֿאָלק, זיי ווערן אויך זעלטין בעסער בעלוינט אלס פּראָלעטאַריער. דאָך זיינען זיי פֿון דעסטוועגין גאַנץ טרייע שמעקנעז און האָרכאויערין, דיא לאַפּעס, דיא ציינער און דער שלונד פֿון דיא רעגירונג, אום דיא פּראָלעטאַריערס וואָס האָבין דיא חוצפה דיא אויגען אויפֿצומאַכען, גלייך פֿעסט צו פּאַקען אין זייערע לאַפּעס, צו דערווערגין און איינצושלינגען. דיא גאַנצע רעגיערונגסמאַשין איז אָבער וויא מען זעהט, ניט אַנדערס וויא דיא פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן פֿון אַ באַנדע בעטריגער, אויסבייטער, וועלכע, אָן אַזאַ מאַכט און טיראַניזירונגס-מאַשין, וואָלטין זיך ניט גיקענט האַלטין איין טאָג פֿאַר דעם גירעכטין צאָרן פֿון דעם גישונדענען און גיפּלינדערטין פֿאָלק.

אין דיא מייסטען עלטערע לענדער איז דיזעס סיסטעם פֿון טיראַניזירונג אין אויסערסטע פֿאָרם, אַם שערפֿסטען פֿעסטגישטעלט גיוואָרען. דער גאַנצער רעגיערונגס-צוכטאַפּפּאַראַט ציהט זיך צוזאַמען אין איין קייזערליכען אָדער קעניגליכען שפּיץ. דיזע שפּיצען, דיא „גאָטסגנאַדליגע" (דיא וואָס זאָגין אויף זיך קייזער אָדער קעניג „מיט גאָטעס גנאַדע" זיי האָבין רעכט, זיי זיינען טאַקי הערשערם מיט „גאָטעס גנאַדע", דען וואָס איז גאָט? דיא איינגירעדטע דומהייט פֿון פֿאָלק. און עס איז טאַקי דיא גנאַדע פֿון דיזען גאָט: פֿאָלקס דומהייט, וואָס מאַכט זיי פֿיר הערשערם)—זיי זיינען טאַקי וואַהרע אויסוואורפֿען. אין זיי זיינען אַלע גימיינהייטין, שלעכטהייטען און פֿערברעכין פֿון דיא הערשענדע קלאַסע פֿערקערפּערט ביז צום אונגעהויערליכען. זייערע ליעבסטע בעשעפֿטיגונג איז דיא מאַסען הריגה, וועלכע זיי רופֿען מלחמה; ווען זיי גנב׳נען (און זיי גנב׳נען אָפֿט), גנב׳נען זיי גאַנצע לענדער און הונדערטע, טויזענטע מיליאָנען, אַחוץ מיליאָנען פֿירכטערליכע הריגות וואָס זיי מאַכין, אום דיא גנבה צו קענען קריגען. דיא בראַנדטשטיפֿטונגען (שריפות אָנמאַכען) וואָס זיי ריכטען איין, דיענען זיי נאָר אום זייערע גרוּליכע מעשים צו בעלייכטען. אין זייער מוח-שאַרבען האָט זיך דיא

אײנרעדענים אײנגעװאָרצעלט, אַז אַלע מענשין זײנען נאָר דאָ אױף דיא װעלט, אום זײערע אונטערטעניגע דיענערס צו זײן און זיך פֿיר זײ צו לאָזין אױסשעכטין. העכסטינס קענען דיא שײנע פֿרױען און מײדלעך פֿון זײערע לענדער דעם „כבוד" האָבין צו מעגין דיענען זײערע גימײנע תאוות צו בעפֿרידיגען. דיא איבעריגע „אונטערטאַנען" האָבין נאָר דאָס רעכט אונטער זײער הערשאַפֿט „אַלערגנעדיגסט צו זדאָבניען".

אין אײראָפּאַ אַלײן פלינדערין דיא געקרײנטע רױבמערדער דיא פֿעלקער אױס אין באַארעס געלד 200 מיליאָן מאַרק יעהרליך. דאָס מיליטער, זײער אײנריכטונג, קאָסט, אַחוץ דיא שאָדען װאָס עס מאַכט אָן אַן ממון און דמים, באַארעס געלד 4,000 מיליאָן, און עבען אַזױ פֿיעל קאָסטין דעם פֿאָלק דיא צינזען פֿיר דיא 80 טױזענט מיליאָנען חובות װאָס דיא כלבים האָבין אָנגימאַכט אין אַ קורצע צײט. אַזױ קאָסטין דיא מאָנאַרכיען אין אײראָפּאַ דיא קלײנע סוממע פֿון 8,200 מיליאָן אַ יאָהר, דאָס הײסט מעהר װיא 10 מיליאָן אַרבײטער פֿאַמיליען-פֿעטער, דיא פרנסה-געבערס פֿון 50 מיליאָן מענשין, (דורכשניטליך גירעכינט 5 נפשות אין יעדערע פֿאַמיליע) נעהמען אײן אַ יאָהר שכירות!

אין אַמעריקאַ, װאו קעניגליכע חלאת איז ניטאָ, איז אָבער אױף דעם אָרט דאָ אײן אַנדערע מכה: דער מאָנאָפּאָליזמוס, דאָס הײסט, אַז אַלע פֿערמע-גינס, אַלע רײכטימער, אַלע בעשעפֿטיגונגען און אונטערנעהמונגען קומען אין דיא הענד פֿון עטליכע גרױסע קאַפּיטאַליסטען און מיליאָנערן. און װען אין דיא בלומרשט „פֿרײע" רעפּובליק פֿון דיא פֿעראײניגטע שטאַאַטען פֿון נאָרד-אַמעריקאַ װעט זיך דער מאָנאָפּאָליזמוס נאָך אַ קורצע צײט אַזױ װײטער ענטװיקלען, אַזױ װיא אין דיא לעצטע 25 יאָהר, דאַן װעלין באַלד נאָר דיא לופֿט און דיא ליכטיגקײט פֿערשװינט בלײבין פֿון דיא מאָנאָפּאָליזירונג. 500 מיליאָן אַקער לאַנד, אונגעפֿעהר זעכס מאָל אַזױ פֿיל װיא דיא ערד פֿון גאַנץ ענגלאַנד און איר-לאַנד, זײנען אין פֿערלױף פֿון אײן דור גיװאָרין דאָס „אײגענטום" פֿון אײזענבאַהן גיזעלשאַפֿטין, פֿון גרונד בעזיצערס (פֿון אײראָפּעאיש-אַריסטאָקראַטישע אַבשטאַ-מונג).

אין עטליכע צעהנדליגע יאָהרען האָט זיך װאַנדערבילט אַלײן אָנגעגנב'ט 200 מיליאָן דאָלאַרס. אַ פּאָאָר דוצענד פֿון זײנע רױבקאָלעגען האַלטין שױן דאַבײ איהם צו דעריאָגען. דיא שטאָט סאַן-פֿראַנציסקאָ איז ערסט פֿאַר 30 יאָהר געגרינדעט גיװאָרן, און הײנט זײנען שױן דאָרטין דאָ 85 מיליאָנערן! אַלע קױלען-און מעטאַלמיענען, אַלע אײלקװעלין, קורץ אַלע גרונדרײכטימער פֿון דעם אונגיהײערען הערליכען לאַנד װאָס זײנען ביז יעצט ענטדעקט, גיהערין שױן איצט (נאָך דעם װיא דיא רעפּובליק איז ערסט קױם הונדערט יאָהר אײנגעריכטעט) ניט מעהר דעם גאַנצען פֿאָלק, צו אַלע קינדער פֿון דיא נאַטור, נאָר זײ גיהערין צו עטליכע מחוצפ'דיגע אַװאַנטוריסטען און אױסגעריבענע גױנער.

אין אַמעריקאַ, פֿערצײלען זײ אַ מעשה, איז דאָס פֿאָלק אַלײן בעל-הבית! אַלעס מוז געשטימט װערן דורך דעם פֿאָלק, און יעדער מענש האָט צו זאָגין אַ דעה. אָבער דורך דעם אײנפֿלוס פֿון דיא אַלע בערזענקעניגע, אײזענבאַהנ-

מאגנאַטען, קוילענבאַראָנען און אַנדערע אייגענטומסבעסטיעס, פערזינקט דיא „פאָלקסהערשאַפּט“ אין דיא גאַסענבלאָטע. זיי פּערבלענדען דיא אויגען מיט דיא בלומרשט פרייע רעגירונג, אָבער אין אמת האָבין דיא קערלס גאַנץ אַמעריקאַ אין דיא קעשענע, און זיי מאַכין מיט דיא רעגירונג וואָס זיי ווילען.

ווען אַזעלכעס גישעהעט מיט פרישע גרינע ביימער, וואָס איז נאָך צו האָפען פון דיא פערפוילטע באַלקענס? ווען דיא יונגע אַמעריקאַנישע „רעפובליק“ מיט איהרע אונגעהייערע פעלדער, וועלכע זיינען גאָר ניט אויסצומעסטין, און מיט איהרע נאַטורריכטימער, וועלכע זיינען ניט אויסצושעפין, איז אין אַזאַ קורצע צייט שוין אַזוי קאַפּיטאַליסטיש איבערגיפיהרט גיוואָרן, וואָס ברויכט מען זיך שוין צו וואונדערין איבער דיא פּאָלגען פון אורזאַכען דערזעלבין אַרט, וועלכע ווירקען שוין צייט טויזנדער יאָהרין אין דיא אַלטע, שוואַכע, פערפוילטע אייראָפּאַ?!

עס זעהט וואַהרהאַפטיג אויס, אַזוי וויא דיא אַמעריקאַנישע „רעפובליק“ וואָלט פּאָרלויפיג נאָר דעם איינציגען קולטורהיסטאָרישען צוועק גיהאַט, דעם פּאָלק פון דיא זייט און יענע זייט פון דעם אָקיאַן צו בעווייזען, דורך פאַקטען וואָס פיר איין אונגעהויער דיא אייגענטומסבעסטיע איז, און אַז ניט גוטע אייגנשאַפטין פון גרונד, ניט אויסגעברייטע לענדערייען, ניט ניימאָדישע פּאָליטישע רעגירונגס-פּאָרמען קענען דיא בייזע אייגנשאַפטען פון דיזען רויבטיער, פון דיא אייגענטומס-בעסטיע, אויסראָטען; פערקעהרט, וואָס וויניגער יעדער מענש האָט עס נייטיג פערזענליך האַבגיעריג צו זיין פון דיא נאַטור אויס, צייגט זיך דיא אייגענטומס-בעסטיע נאָך גיפעהרליכער. דאָס מעג שוין אַמאָל דיא ארבייטענדע נויטלייי-דענדע מענשהייט איבערצייגען, אַז דאָס אונגעהויער קען ניט געצעהמט, אָדער אונגיפעהרליך און אונשעדליך גימאַכט ווערן, אַזוי וויא מאַנכע מענשין ריידין זיך איין, נאָר אַז געגין דיא בעסטיע בעשטייט נאָר איין היילמיטעל: זיא אונער-ביטליך, אונבאַרמהערציג און גאָר אין גאַנצען „עוקר מן השרש צו זיין!“

אויף פריעדליכין וועג איז דאָ גאָר ניט צו האָפען; דאָס אָרימע פּאָלק קען נאָר העכסטינס האָפען אויסגילאַכט און בעשפאָט צו ווערן, ווען עס וועט זיין אַזוי קינדיש, זיין דם-שונא צו ווען מחזיר למוטב זיין און גוטהערציג צו מאַכין דורך שיקען פּראָשעניעס, דורך בקשות און אַנדערע דערגלייכע גוטמיטיגע מיטעל.

מאַנכע זאָגין, אַלגעמיינע פּאָלקס-אויפקלערונג וועט ברייננגען פערבעסע-רונג; אָבער דיא עצה בלייבט אויך נאָר אַ פלוידעריי; דען דיא פּאָלקסאויפקלע-רונג וועט ערסט דאַן אַלגעמיין מעגליך זיין, ווען עס וועלין זיין אַוועקגישאַפין דיא הינדערניסען, וועלכע מאַכען איצט דעם אָרימען פּאָלק אונמעגליך דיא אויפקלע-רונג. און דאָס וועט ניט פריהער זיין, ביז דיא גאַנצע היינטיגע ווירטשאַפט וועט פון גרונד אויס צערשטערט ווערין.

דאַמיט מיינט מען ניט, אַז מען ברויכט אָדער מען קען גאָר ניט טאָן יעצט פיר דיא פּאָלקס אויפקלערונג. ניין! ווער עס זעהט נאָר איין דיא ניעדערי-טרעכטיגקייט פון דעם היינטיגען צושטאַנד, איז הייליג מחויב איבעראַל זיין קול אויפצוהייבין, און דעם פּאָלק איבער דיא זאַכען דיא אויגען אויפצומאַכען. אָבער מען מוז זיך היטען מען זאָל ניט ווען ערגרייכין דיזען צוועק דורך הויכגילעהרטע

בעטראַכטונגען. דיא טיפֿע וויסענשאַפֿטליכע אויפֿקלערונג איבער דיא זאַכען לאָז בלייבען פֿיר עהרליכע מעננער פֿון וויסענשאַפֿט, וועלכע וועלין דורך טיעפֿע וויסענשאַפֿליכע קריטיק אָבקראַצען פֿון דיא כלומרשט „געבילדעטע“ וועלט דיא שמינקע פֿון מענשענליבע און גוטמיטיגקייט, מיט וועלכע דיא אייגענטומסבעסטיע פֿערשיינערט זיך איהרע העסליכע רויבטהיער-צורה. אָבער דיא שפּראַך וואָס דאָס פּראָלעטאַריאַט ברויך צו הערין, מוז זיין איינפֿאַך און קרעפֿטיג.

ווער דיא קרעפֿטיגע שפּראַכע פֿיהרט; אום דעם בערויבטען פֿאָלק דיא אויגען אופֿצומאַכען, ווערט אימער בעשולדיגט פֿון דיא הערשענדע רויבטהיערע מיט אויפֿרייצונג, ער ווערט גרימיג געהאַסט און פֿערפֿאָלגט. דאַפֿון קענען מיר זעהן, אַז דאָס אויפֿרייצען דריקט זיי ביים הערץ; דאָס איז בעוואוסט אַז זיי זעהן איין, דאָס עס קען זייער שוואַרצען סוף בריינגען. גוט, דאָס בעווייזט אונז אַז דיא פּראַקטישע אויפֿקלערונג מוז זיין אויפֿרייצענדיג. לאָמיר אַלזאָ אויפֿרייצען!

לאָמיר דיא פֿעלקער ווייזען, וויא זייער אַרבייטסקראַפֿט ווערט זיי אויסגעצאַרט און אויסגעשווינדעלט דורך קאַפּיטאַליסטען פֿון לאַנד און פֿון שטאָט; וויא קרעמער, הויז-בעלי-בתים און אַנדערע ווירטהע פּרעסען נאָך אויס זייער קאַרגען לוין; וויא דיא פּפֿאַפֿען פון דיא קירכען, פֿון דיא גאַזעטען, פֿון דיא פּאָליטישע פּאַרטייען און אַנדערע רעדעלפֿיהרערס זוכין דעם פֿאָלק זיין פֿערשטאַנד צו טייטען; וויא מאַסען מלאכי חבלה אייביג גרייט שטיין — אויף דיא וועלט, ניט אין גיהנם — אויף איהם אַ צוים אַרויפֿצוליגען און איהם צו טיראַניזירען. לאָמיר דאָס אַלעס דעם פֿאָלק ווייזען, און ענדליך וועט איהם מוזין דיא געדולד אויסגעהן. ער וועט אַ מרידה מאַכען און זיינע רויבער צושמעטערין.

דיא רעוואָלוציאָן פֿון דעם אָרימען פֿאָלק, דיא מלחמה פֿון דיא אָרימע געגין דיא רייכע, איז דער איינציגער וועג וועלכער קען פֿיהרען צו דער ערלייזונג, צו דער וואַהרער גאולה.

אָבער, ווענדען אַנדערע איין, רעוואָלוציאָנען לאָזין זיך ניט מאַכען. געוויס ניט. אָבער פֿאָרבערייטען קען מען זיי, אינדעם מען מאַכט דאָס פֿאָלק דאַרויף אויפֿמערקזאַם, אַז אַזעלכע פֿאָרפֿעללע שטעהען פֿאַר דער טיר און אינדעם מען פֿאָרדערט דאָס פֿאָלק אַרויס, זיך דאַצו גרייט צו מאַכען.

אַסך וואָס גיבען זיך אָב מיט דיא פֿאָלקסווירטהשאַפֿטליכע וויסענשאַפֿט מיינען אַז דער גרויסקאַפּיטאַליזמוס מוז זיך פֿריהער אַזוי ענטוויקלען אַז ער זאָל אין גאַנצען אויסטיליגען אַלע קליינבירגערליכע מייסטערס און קרעמערס; דאַמאָלס וועט ערסט קומען דיא צייט פֿיר איין סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. אָבער דיזע צייט איז שוין גיקומען. וואייטער קען זיך דער גרויס-קאַפּיטאַליזמוס ביינאַהע שוין ניט מעהר ענטוויקלען וויא ער האָט זיך ענטוויקעלט. אַלגעמיינע גרויסע אינדוסטריע און אַלגעמיינעס גרויסבעטריעב אויף דעם לאַנד קען נאָר דאַן מעגליך זיין, ווען דיא מענשענגיזעלשאַפֿט וועט זיין איינגעריכטעט קאָמוניסטיש, דאָס הייסט ווען אַלע בעשעפֿטיגונגען וועלין געטריבען ווערן דורך קהל, און קהל זאָל דיא פֿרוכטען דאַפֿון געניסען, און ווען וואָס מעהר דער מעכאַניזמוס וועט זיך ענט-

ווירקלען וועט מען וויניגער ברויכען צו אַרבייטען און מעהר קענען פֿערברויכען,— וועלכעס פֿערשטייט זיך פֿון זעלבסט אַז אין אַ קאָמוניסטישע וועלט וועט אַזוי זיין— אָבער אַזוי וויא דיא וועלט היינט איז, קען עס שוין ניט מעהר ווייטער גיין.

דאָס איז אויך לייכט איינצוזעהן, ווייל ביי דיא גרויספֿאַבריקאַציאָן, אַזוי וויא זיא ווערט יעצט געטריבען, ווערט 10 מאָל אזוי פֿיעל, אין מאַנכע פֿאַכען 100 מאָל אַזוי פֿיעל פֿאַבריצירט וויא דיא אַרבייטער, וועלכע פֿאַבריצירען דאָס, קענען פֿערברויכען אנדערע סחורות פֿיר דעם אייגענעם ווערט, און ווייל מיט דיא אַרביי- טער פֿון דיא אַנדערע סחורות איז עבען דאָס אייגענע, קען מען דאָך נאַטירליך ניט אַלעס פֿערקויפֿען; אַזוי קומט ביסלעכווייז איין פֿלאָקען אין מיטען. ביז אַהער האָט מען דאַרום דיא איבריגע סחורות, וואָס קענען ניט פֿערקויפֿט ווערן, ניט אַזוי בעמערקט, ווייל דער גרעסטער טהייל פֿון דעם איבריגען, וועלכעס בלייבט ביי דיא פֿערשיעדענע געלדשלינגערס אַלס ריוח, האָבין זיי ווידער „קאַפּיטאַליזירט", דאָס הייסט זיי האָבין עס פֿערווענדעט צו נייע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען און ווייל דיא לענדער וועלכע זיינען געוועזין ווייט ענטוויקעלט אין פֿאַבריקאַציאָן האָבין פֿערשיקט זייערע פראָדוקטען נאָך דיא לענדער, וועלכע האָבין ניט גענוג פֿאַבריקאַציאָן גיהאַט. יעצט הייבט דיא מאַשין אָבער אָן געוואַלטיג איינצוהאַל- טען. דיא פֿאַבריקאַציאָן האָט איבעראַל אונגיהויער גרויסע פֿאָרטשריטע גי- מאַכט; דאַמיט קומען אויספֿוהר און איינפֿוהר פֿון פראָדוקטען מעהר און מעהר אין גלייכגעוויכט, און שוין איבער דעם אַלליין לוינט זיך אימער וויניגער דיא קאַ- פּיטאַלען אַריין צו לייגען אין נייע פֿאַבריקאַציאָנען. אונטער דיזע אומשטענדען וועט שוין באַלד גאָר אין גאַנצען ניט לוינען דיא פֿאַבריקאַציאָן און דיא גרויסע גישעפֿטען אויסצוברייטען. דערווייל קריכט עס נאָך, און קורצזיכטיגע ריידען זיך איין אַז עס וועט צוריק אָנפֿאַנגען צו לויפֿען, אָבער ווער גוט בעגרייפֿט, זעהט איין, אַז גאָר אין קורצען וועלין געוואַלדיגע גרויסע וועלטקריזיסען דיא גאַנצע וועלט ווייזען, וויא פֿעררינקט (א חוץ ניעדערטרעכטיג) דיא היינטיגע וועלטווירטה- שאַפֿט איז.

מען זעהט אַלזאָ דאַפֿאָן, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו וואַרטען. ווייטער קען עס שוין ניט גיין. אַלעס איז שוין צייטיג פֿיר דעם ק אָ מ ו נ י ז מ ו ס; מען ברויכט נאָר אַוועק צו פּטר'ן זיינע אינטערעסירטע געגנער, דיא קאַפּיטאַליסטען און זייערע העלפֿערסהעלפֿערס. אין דער צייט ווען דיא קריזיסען, וועלכע, וויא געזאָגט, שטייען שוין פֿאַר דיא טיר, וועלין קומען, וועט דאָס פֿאָלק אויך שוין גענוג ברייט געמאַכט ווערן צום קאַמפּף. מען מוז אַלזאָ נאָר זאָרגען אַז עס זאָל איבעראַל זיין אַ געהעריגפֿערשטענדיגער ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע ר ק ע ר ן, וועלכער זאָל דאַצו זיין איינגעריכטעט דיא פֿאָלקסמאַסען, וועלכע דורך אַרבייטסלאָזיגקייט און עלענד וועלין זיין געטריבען צום אויפֿשטאַנד, אַרום זיך צו פֿעסטיגען, און דיא גי- וואַלדיגע קראַפֿט, וועלכע וועט אויף דיזע ווייזע גיפֿאָרמט ווערן, זאָלין זיי אָנווענ- דען דיא היינטיגע פֿערדאָרבענע ווירטהשאַפֿט חרוב צו מאַכין.

לאָמיר, אַלזאָ, אָרגאַניזירען און אויסברייטען איבעראַל דיא סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי איידער עס איז צו שפּעט! דאַן וועט דער נצחון פֿון דיא

פֿעלקער איבער זייערע בלוטזויגער און טיראַנען געוויס ניט קענען אויסבלייבען.

„נו, וואָס וועט דערנאָך ווערן?" פֿרעגט מען.

עס איז ניט נייטיג אַ גאַנצען פֿערטיגען פלאַן אָפּצומאָלען, וויא אַזוי דיא גע-בײדע פֿון דיא קינפֿטיגע מענשענגעזעלשאַפֿט וועט אויפֿגעבויט ווערן, דאָס וועלין שוין דיא מענשין דאַמאָלס בעסער וויסען וויא מיר קענען היינט פֿאָרשרייבען; דיא אומשטענדען וועלין זיי שוין לערנען. דאָך, אום זיכער צו זיין אַז דער אַלטער צושטאַנד זאָל ניט צוריקקומען, וועלין זיי הפנים מוזין האַנדלען וויא פֿאָלגט:

אין יעדערע שטאָט, וואו דאָס פֿאָלק וועט דיא מלחמה געווינען, וועלין זיי דאָס אַלערערסטע אויסרופֿען: אַז ווער עס וועט זיך אונטערשטיין זיך עפּעס צו נעהמען אויסער דאָס וואָס ער ברויכט די־רעקט צו פֿערברויכען, ווער עס וועט וואַגען אויף עפּעס צו זאָגען: „דאָס איז מיין", אָבער ווער עס וועט געפֿונען ווערן אין גיהיימען בעזיטץ פֿון עפּיס, דער איז פֿויגעלד־פֿריי (קנאים פוגעים בו כל הפוגע בו הורגו) ווער עס טרעפֿט איהם, מעג איהם דעם קאָפּ צושפּאַלטען!" דאָס וועט מוזין זיין דאָס איינ-ציגע, שטרענגע רעוואָלוציאָנערע געזעץ, אין געגינזאַטץ פֿון דיא היינטיגע ניעדער-טרעכטיגע אייגענטומסבעסטיע. דאָס איז פֿאָלקאָס רעכט. דיא נאַטור איז פֿיר אַללע. נעהם וואָס דו ברויכסט, פֿרעס דיר אָן אַ פֿוללען בויך און דאָס געבליע-בענע לאָז ליגען, וועלין אַלע האָבין. אַז דו בעהאַלטס עפּעס, גנב'סטו צו איין אַנדערענס חלק, זיין לעבין! דו ווילסט צוריק אין לעבען רופֿען דיא אייגעטומס־בעסטיע וואָס האָט דיא וועלט אַזוי לאַנג, גרויזאַם געפֿרעסין — ביסטו חייב מיתה. דיזען קאָמוניסטישען גרונדזאַץ מוז מען אין דיא הערצער פֿון אַלע מענשין איינ-דרינגען, יעדער איינציגער זאָל דאַפֿון זיין דורך און דורך געדרונגען.

איבעראַל וועט דיא לופֿט קלינגען מיט דיא געשרייען: „ניעדער מיט דיא אייגענטומסבעסטיע! עס לעבע דער קאָמוניזמוס!" — דאַן וועט מען ניט ברויכען קיין רעגיערונג און קיין זשאַנדאַרמען, אום איינעם ניט צו לאָזין זיך עפּעס צו צו-אייגנען: יעדער מענש וועט זיין דער פּאָליציסט פון אַנדערן, אום איהם דאָס ניט צו לאָזין טאָן. אין יעדער שטאָט וועט דאַן צוזאַמענטרעטין איין רעוואָלוציאָנס-אויסשוסקאָמיטעט, וואו דיא פֿייהיגסטע רעוואָלוציאָנערן וועלין פֿאָלגען דיא בע-שליססע פֿון דיא רעוואָלוציאָנסאַרמעע. דיא רעוואָלוציאָנס-מחנה וועט זיך פֿער-שטערקען דורך דיא בעוואַפֿנונג פֿון אַלע אַרבייטער און וועט אויסאיבען דיא גע-וואַלט פֿון איין וועלט-מנצח.

אַלע פֿרייע שטעט שליסען דאַן איין בונד, אום זיך צו שיטצען געגען דעם איבערגעבליעבענעם פֿיינד און איהם אויסצוראָטען. דער בונד איז פֿאָרלויפֿיג נאָר געמאַכט פֿיר אַזוי לאַנג וויא דער קאַמפּף וועט נאָך דויערן. און דער קריעג קען ניט פֿריהער בעענדיגט ווערן, ביז דער שונא, דיא אייגענטומסבעסטיע און איהרע פֿערטהיידיגער וועלין אויסגיראָטטעט ווערן אַז עס זאָל פֿון זיי ניט בלייבען קיין שריד ופליט.

וועט דיא ערסטע אויסראָטטונגסשלאַכט פֿאָללענדעט זיין, (וועלכע וועט

דעסטאָ גרויזאַמער זיין, יע נאַכדעם דיא וועלטאיינשלינגער וועלין בלייבין עקשנים, וועלכע וועט אָבער גאַנץ וויניג בלוט קאָסטען ווען זיי וועלין שכל האָבין זיך בעציימענס אונטערצוגעבין, ווען זיי וועלין איבערלייגען אַז הונגער וועלין זיי דאָך ניט ברויכען צו ליידען (מען פֿערלאַנגט דאָך נאָר זיי זאָלען ניט וועלין האָבין צופֿיעל, וואָס אַנדערע ברויכען צום לעבין), דאַן וועט מען זיך אָנהויבען אויסצוגלייכען דיא ביינער און זיך אויף דיא נייע מעטהאָדע איינצוריכטען. דאָס וועט ניט גישעהען אויף איינמאָל, ביסלעכווייז וועט מען זיך איינריכטען דיא נייע וועלטווירטשאַפֿט. עס וועט נאַטירליך ניט לייכט אָנקומען, אָבער ווער וועט דאַרויף קלאָגען? שלעכטער וויא עס איז היינט פֿיר דיא גרויסע מאַסע וועט עס דאַמאָלס, אפילו אין דיא איבערגאַנגסצייט, געווים ניט זיין. דאַביי וועט דאָך יעדער לעבין אין דיא שיינע האָפֿנונג, אַז באַלד וועט זיך אַלעס אויסגלייכען אויף דעם בעסטען אופן, צום אַלגעמיינעם גליק. דיא ערסטע אַרבייט אויף דעם נייעם וועג וועט דאַן זיין פֿאָלגענדע:

דער מענש האָט גיוויינליך ליעב זיינע געגינשטענדע, וועלכע ער האָט נייטיג צום פ ע ר ז ע נ ל י כ ע ן ג י ב ר ו י ך; דאַרום וועט דאָס ערסטע זיין אַז יעדער מענש וועט צוריק קריגען דיא זאַכען וועלכע זיינען גילעגין פֿערמשכון'ט. דאָס אייגענטום פֿון דיא הייזער און וואָהנונגען ווערט דירעקט אָבגישאַפֿט, דירה געלד צו בעצאָהלין בעשטייט ניט מעהר. קוואַרטיר-קאָמיטעטין, וועלכע מוזין אין יעדען געגינד בעשטענדיג זיטצונג האַלטין, געבין דיא, וועלכע קיין וואָהנונג האָבין, אָדער דיא, וועלכע שלעכטע וואָהנונג האָבין, אָנווייזונג אויף דיא נייטיגע דירות, וועלכע וועלין ניט פֿעהלין, נאָכדעם וויא מען וועט אַלע וועלטאיינשלינגער געפטרט האָבין.

אַזוי לאַנג וויא מען וועט ניט יעדען קענען אָנווייזען בעשעפֿטיגונג, קריגט יעדער איינציגער מענש אַלעס וואָס ער ברויכט פֿון דיא קאָמונע (פֿון קהל). פּראָוויאַנט-קאָמיסיאָנען האָבין צו רעגעלען דיא פֿערטיילונג פֿון אַלע לעבענסמיטלען, וואָס מען האָט אַרויסגעריסען פֿון דיא לאַפּעס פֿון דיא אייגענטומסבעסטיע. וועט ניט זיין גינוג צום געברויך (וואָס קען מעגליך זיין מיט דיא ערסטע און נייטיגסטע נאַרונגסמיטעל) וועלין שוין אַגענטען, וועלכע דאַצו טויגען, זאָרגין פֿיר דעם אַריינפֿיהרען פֿון אַנדערע פּלעצער. אַם לייכסטין וועט דאָס אָנקומען, ווען מען וועט דיא גרויסע גיטער פֿון דער אומגעגינד פֿון דער גימיינדע לאָזין אויסלעערען דורך בעוואַפֿענטע בויערין. דאָס וועט ניט הייסען רויב, אַזוי וויא דיא געקריינטע רוייבער פֿלעגין טאָן; דען מען וועט ניט אַוועקנעהמען פֿון דיא וואָס ברויכען עס עססין, אום עס צו פֿערזאַמלען אַלס עשירות פֿיר איינעם אָדער עטליכע; פּונקט דאָס געגענטייל, מען וועט עס אָ ב נ ע ה מ ע ן פֿון דיא וואָס האָבין עס געגזלט, אום זיך דאַפֿון איין עשירות צו מאַכין, און מען וועט עס געבין צו דיא וואָס האָבין ניט וואָס צו עסין.

דיא צובערייטונג פֿון לעבענסמיטעל, וויא מאָהלען, באַקען א. ז. וו. וועלין בעזאָרגין קאָמונאַלע אַרבייטערס פֿעראיינונגען. מען ברויכט ניט צו פֿרעגין דיא גיוועהנליכע נאַרישע קשיות: וואָס וועט מען טאָן אַז מען וועט ניט וועלין אַרבייטען? וואָס וועט זיין אַז איינער וועט וועלין צופֿיעל עסין? דען וויא מען וועט נאָר

האָבין אויסגיראָטעט דיא אייגענטומסבעסטיע, דיא מוטער פֿון דעם ניעדערטרעכטיגען עגאָאיזמוס, וועלכער מאַכט אז מען זאָל ציטערין טאָמער וועט מען גאָר ניט האָבין, און דאַרום מוז איינער דעם אַנדערן בעגנבנען און בעשווינדלען—ווען דאָס וועט נאָר זיין געפּטרט, ווערין דיא מענשין גאָר ניט זיין אַזוי שלעכט. יעדער וועט זיין בעסטעם טאָן וואָס ער וועט נאָר קענען, ווייל ער וועט וויסען אַז דיא פֿרוכטין פֿון זיין עהרליכע אויפֿאָפּפֿערונג וועט זיך קיינער ניט צו נעהמען, נאָר עס וועט זיין פֿיר אַלע גלייך. ווער עס האָט אַמאָל גיזעהן נאָך אַ שריפה, נאָך אַ געוויסער אָדער איין אַנדערע פֿערוויסטונג, וויא אַלע שלעכטע כאַראַקטערס ווערן פֿערשוואונדען, וויא איינער העלפֿט דעם אַנדערין ברידערליך, און אַלע, וועלכע זיינען פֿריעהר גיוועזין וויא פֿרעמדע, אַפֿילו גאָר שונאים, ווערן וויא איינע פֿאַמיליע—ווער עס האָט דיא פרעכטיגע סצענע גיזעהען, דער וועט ניט מעהר פֿרעגין אַזעלכע נאַרישע קשיות, דער וועט זיך איין פֿאָרשטעלונג מאַכין וואָס פֿון דיא מענשין וועט ווערן, ווען דיא אייגענטומסבעסטיע וועט זיין אויסגיראָטעט און דיא קאָמונע איינגעפֿיהרט!

דאַן ווערין זיך דיא אַרבייטער גאַנץ שנעל איילען זיך צו פֿעראייניגען, פֿון יעדע אַרט, פֿון יעדע מלאכה צוזאַמען, און דיא רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטען וועלין צו זיי איבערגעבין אַלע פֿאַבריקען, ווערקצייגען, רויהשטאָף א. ז. וו., אַז זיי זאָלין עס גענאָסענשאַפֿטליך בעטרייבען, און דיא פֿערפֿערטיגטע פראָדוקטען צו בריינגען אין דיא געמיינשאַפֿטליכע מאַגאַזינען, וואו יעדערער וועט קומען נעהמען וואָס ער האָט נייטיג צו פֿערברויכען. דאַמיט וועט דער גרונד גילייגט ווערן צו דיא קינפֿטיגע גיזעלשאַפֿטסאָרדנונג, וועלכע וועט זיך ביסלעכווייז ענטוויקעלען.

אונטער דער צייט, ביז ווייטערע פראַקטישע איינריכטונגען ווערין איינטרעטען, וועלכע דיא מענשען ווערין דאַן בעסער וויסען וויא מיר קענען זיך היינט דיינקען, וועט דיא געמיינדע דעם פֿערברויך פֿערמיטלען. דיא געמיינדע וועט מאַכען ליפֿערונגס-קאָנטראַקטען מיט יעדע גרופּפּע אַרבייטער פֿון יעדע מלאכה, וועלכע זאָלין מוזען ליפֿערן אַזוי פֿיעל וויא דיא סטאַטיסטיק וועט אויסווייזען אַז מען ברויכט אין דער געמיינדע, און דאַפֿיר וועט דיא געמיינדע זיי געבין אַללעס וואָס זיי ברויכען פֿון דיא געמיינדע מאַגאַזינען. דאַמיט וועט דאָס געלד קריגען דעם טויטשלאַג.

דאַן וועט מען זיך גאַנץ שנעל מוזען נעהמען איינצוריכטען גוטע שולען (ניט וואו מען דאַווינד, נאָר וואו מען לערענט וויסענשאַפֿטליכע און ניצליכע זאַכען), קינדערגאַרטענס און אַנדערע ערציהונגס-אַנשטאַלטען. אויך וועט מען באַלד מוזען זאָרגען פֿיר דיא אַלגעמיינע אויפֿקלערונג פֿון דיא ערוואַקסענע מענשען (וועלכע וועט ערסט דאַן ווערן מעגליך) ניט צו פֿערנאַכלעסיגען: אין אַללע קירכען, וואו קיין גלח וועט דאַמאָלס נאַטירליך גאָרניט האָבין וואָס צו טאָן, וועט מוזען דיא בשורה פֿון דיא וואַהרהייט און דער וויסענשאַפֿט בעקאַנט געמאַכט ווערן. אַללע דרוקערייען וועט מען מוזען אין בעוועגונג זעצען, אום צו דרוקען מיליאָנען ביכער, צייטונגען, פֿלוגשריפֿטען און זיי אויסצושפּרייטען, בעזאָנדערס זיי מאַססענהאַפֿט צו

פֿערטהיילען אין דיא געגענדען, וועלכע וועלין נאָך ניט זיין פֿריי, אַזוי לאַנג וויא עס ווערלין אַזעלכע בעשטיין.

פֿון אַללע געזעצביכער, קרימינאַל-און פּאָליציי-אַקטען, היפּאָטעקען-רעגיס־טער, שטרי-מכירות און דיא אשר יצר׳לעך, וואָס מען רופֿט „ווערטהפּאַפּירען" וועט מען מוזען מאַכען אַ שיינע אילומינאַציע.

דיזע קורצע אַנמערקונגען קענען שוין בעווייזען, אַז דיא „איבערגאַנגספּערי־אָדע" ברויכט ניט צו זיין אַזוי שווייעריג, אַזוי לאַנג און אַזוי שרעקליך, וויא מאַנכע שטעלין זיך פֿאָר, אפילו פֿון דיא סאָרט מענשען, וועלכע האַלטען זאָנסט פֿון אַ נייע איבערגעשטאַלטונג פֿון דיא מענשענגיזעלשאַפֿט, און שרעקין זיך נאָר פֿאַר דעם וועג, וויא אַזוי דאַצו צו קומען.

און איצט לאָמיר ענדליך נאָך איין בליק וואַרפֿען אויף דעם אידעאַל פֿון אונ־זערע בעשטרעבונגען, אויף דיא נייע גיזעלשאַפֿט וויא אַזוי מיר דיינקען אַז זיא זאָל זיך ענטוויקלען.

דיא פֿרייע גיזעלשאַפֿט בעשטייט אויס לויטער זעלבסטשטענדיגע געמיינדעס (פֿריישטעדט). דיא גאַנצע ציוויליזירטע וועלט איז אַרומגעוויקעלט פֿון אַ נעטץ פֿון פֿערבינדונגען דער געמיינדען (פֿעדעראַציאָנען), וועלכע זיינען אָבער גימאַכט דורך פֿרייע גיזעלשאַפֿטספֿערטרעגע, פֿון דעם פֿרייען ווילען פֿון דיא געמיינדען זעלבסט, ניט געבאָטען פֿון וועלכע רעגירונג. אינטערעסען, וועלכע גייען אָן אַלע קאָמונען צוזאַמען, ווערן אויסגיגלייכט דורך דיא פֿרייע איבערלייגונג פֿון דיא גע־מיינדען, וועלכע זיינען פֿערוויקעלט אין דיא אינטערעסען, אָבער קיינער האָט ניט צו בעפֿעהלען.

אָפֿט פֿערזאַמעלט זיך דאָס פֿאָלק, קיין אונטערשיעד מעננער אָדער פֿרויען, אין אָפֿפֿענע פלעצער אָדער אין פראַכטפֿאָל איינגעריכטעטע פֿערזאַמלונגסזאַלען, ניט אום געזעצע צו מאַכען, דאָס הייסט אום זיך דיא אייגענע הענד צו בינדען, זאָנדערן צו בעשפרעכען וויא אַזוי עס איז אַ יושר צו טאָן אין דיזע אָדער אין יענע אַנגעלעגענהייטען, אָנצושטעלין פּערזאָנען, וועלכע זאָלין זיך אָבגעבין מיט דיא אָדער יענע אויספֿיהרונג פֿון עפֿפֿענטליכע זאַכען, און צו הערין דיא בעריכטע פֿון דיא משרתי הקהל.

דאָס אויסערע אויסזעהן פֿון דיא געמיינדען איז גאָר אין גאַנצען אַנדערס וויא פֿון דיא היינטיגע דערפֿער און שטעט. אין דיא שטעט וועט מען האָבין בים־לעכווייז אַלע ענגע גאַסען און וואַרינלעכער איינגעריסען און אויף זייער אָרט גיבויט וואָהל-איינגעריכטעטע פּאַלאַצען, וועלכע וועלין זיין אַרומגערינגעלט מיט גערטנער און פּאַרקען. דיא הייזער וועלין בעוואָהנט ווערן פֿון קלענערע אָדער גרעסערע גרופּען, וועלכע וועלין זיך פֿעראייניגען אום צוזאַמען ווירטהשאַפֿט-איינהייטען צו גרינדען, ווייל אַזוי קענען זיי זיך מאַכען זאָ בעקוועמליך, וואָס עס איז אונמעגליך ווען יעדערער לעבט זיך פֿאַר זיך און פֿיהרט אַ בעזונדערע ווירטהשאַפֿט. דיא גאַססען וועלין אַלע זיין ברייטע בולוואַרדס, בעפֿלאַנצט מיט וואָהלריכענדע גע־וויקסען, און דיא לופֿט גערייניגט דורך פֿאָנטאַנען און אַנדערע ערפֿינדונגען.

אויף דעם לאַנד וויעדער ווערין זיך אַלע קליינע דערפֿער צוזאַמענגעצויגען האָבין צו גרויסע לאַנדגעמיינדען. דאָס וועט מעגליך געמאַכט ווערן דורך דיא צוזאַמענלייגונג פֿון דיא פֿריהער צופּיצעלטע שטיקלעך גרונד, דורך דיא אַלגעמיינע אַנווענדונג און אָפֿטע פֿערבעסערונג פֿון דיא אַקערבוי מאַשינען און כימישע מיסטונגס-מעטהאָדען, דיא פֿערבעסערונג פֿון אַלע טראַנספּאָרט-מיטעל און זאָ ווייטער; דאָס אַלעס וועט מעגליך מאַכען, אַז דיא קליינע פֿערשפּרייטע דערפֿער זאָלין זיך צוזאַמענשמעלצען אין גרויסע לאַנדגעמיינדען. אויף דיזע וויזע וועט פֿערשווינדען דער פֿריהערדיגער אונגעהויערער געגענזאַץ צווישען לאַנד און שטאָט און דאָס פּרינציפּ פֿון גלייכהייט צווישען אַלע מענשען וועט דאַמיט אַ גרויסען נצחון מאַכען.

דיזע אַלע פֿערבעסערונגען ווערין גאַנץ לייכט זיין צו מאַכען, ווען אַלע מענשען, וועלכע זיינען איצט מבלה זמן מיט שאַכעריי, שווינדלעריי, האַנדעל און אַנדערע בעשעפֿטיגונגען, וועלכע בריינגען גאָרניט איין דער געזעלשאַפֿט, און אַללע רעגירונגס-שווינדלער און זייערע אונגעהויערע מחנות דיענער, ווערין זיך בעשעפֿטיגען מיט ניצליכע אַרבייט, ווייל דיא אַלע בעשעפֿטיגונגען ווערין זיין אויסגיראָטעט. ווען דיא גוטע קעפּ, וועלכע ווערן יעצט פֿערפּאַטשקעט מיט שווינדלערישע שפּעקולאַציעס וויא אַזוי אַ וועלט צו בגנב'ענען, ווערין ניכטס אַנדערס האָבין צו טאָן וויא צו שטודירען, צו טראַכטען און צו זוכען נייע ערפֿינדונגען און פֿערבעסערונגען, וויא אַזוי דיא אַרבייט צו פֿערלייכטערן און דאָס לעבין בעקוועמער צו מאַכען; ווען טויזענדער זשעניען ווערין ניט מוזען פֿערגיין מיט זייער זשעניע, אַזוי וויא עס איז היינט, ווייל זיי האָבין ניט דיא מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען, און ווען דער, וועלכער וועט עטוואָס ענטדעקען, וועט ניט מוזען פֿריהער אַרומלייפֿען הונגעריג, אַזוי וויא היינט, ביז ער געפֿינט אַ געלדמאַן, וואָס וויל פֿון איהם אָבקויפֿען זיין ערפֿינדונג פֿיר אַ שפּאָטפּרייז, אום דיא פֿרוכטען פֿון זיין מיהע פֿיר זיך אַליין איינצושלינגען — ווען דאָס אַלעס וועט זיין פֿערענדערט, ווען יעדער מענש וועט זיין זיכער מיט זיין לעבענסמיטעל, אָהן קאָפּ-ברעכענים, אָהן זאָרג און אָהן האַבזוכט-שכרות, און שפּעקולאַציאָנס-קאָפּגערויש, נאָר דורך לייכטע, בכבוד'ע אַרבייט (דען יעדע אַרבייט וועט זיין בכבוד), דאַן ווערין דיא ערפֿינדונגען, וועלכע ווערין דיענען צום גליק פֿון אַלע מענשען, וויא מיט פֿליגעל פֿאָראויספֿליהען; הענד ווערין זיין איבערפֿליסיג זיי אויסצופֿיהרען, און דאָס גליק, דיא בעקוועמליכקייט און ריזיגע פֿערבעסערונגען ווערין קומען ביז צום אונדיינקליכען.

פּריוואַטאייגענטהום עקזיסטירט דאַן ניט מעהר. אַלע גיטער געהערען צו דער געמיינשאַפֿט. דאַגעגען, קען יעדער מענש, אויב ער קען אַרבייטען אָדער ניט, פֿון דיא געמיינשאַפֿטאיינריכטונגען קריגען אַלע בעדירפֿנים-געגענשטענדע, וואָס ער וועט פֿערלאַנגען. דיא ערפֿאַהרונג וועט ווייזען דעם סך הכל, וויפֿיעל מען ברויכט צו האָבין פֿון יעדען אַרטיקעל, און נאָך דעם סך הכל וועט מען וויסען וויפֿיעל מען ברויכט צו פּראָדוצירען.

ווייל אַלע אַרבייטספֿעהיגע מענשען — סיי מעננער סיי פֿרויען — ווערין מיטהעלפֿין אַלע סחורות צו מאַכען, אונניצליכע און שעדליכע אַרבייט ווערין ניט

געמאַכט ווערן, און דיא מעכאַנישע, כעמישע און אַנדערע וויסענשאַפטליכע הילפסמיטעל צו דער אַרבייט וועלין זיך זעהר פיל אויסברייטען און ענטוויקעלען, וועט מען אַלע טאָג ניט מעהר ברויכען צו אַרבייטען, אום אַלעס צו פּראָדוצירען וואָס מען וועט ברויכען צום לעבין, וויא עטליכע שעה. דעם איבער-גרעסטען טהייל פון דעם טאָג וועט מען קענען פערברויכען אויף ווירקליכע לעבענסגענוס און פערגעניגען.

דעם גרעסטען גענוס און פערגעניגען קען דער מענש האָבין אין דיא גייס־טיגע בעשעפטיגונג, צו וועלכע ער האָט נייגונג און גוסט. דיא איינע בעגניגען דאָס געברויך פון קהל און בעשעפטיגען זיך אין דיא פרייע שטונדען מיט פער־וואַלטונג. אַנדערע זיצען אין דיא ביבליאָטהעקען, אום אויפצוזאַמלען שטאָף פיר פאָרטרעגע אָדער ביכער צו פערפאַסען, אָדער זיך מיט שטודיום צו בעשעפטיגען. ווידער אַנדערע לויפען אין דיא הערזאַלען, אין דיא אוניווערזיטעטען, וועלכע זיינען אָפען פור יעדען מענשין. מען בעזוכט אַקאַדעמיען פון מאַלער, בילד־הויער און אַנדערע קינסטלער, אום זיך אויסצובילדען אין דיא קונסט, צו וועלכע מען האָט חשק.

דיא מענשין, וועלכע האָבין זיך ליעב אָבצוגעבין מיט קינדער, בעזאָנדערס פרויען, פיהלען זיך אָנגיצויגען אויף דיא פלעצער, וואו דיא קינדער ווערן ערצויגען, וואו זיי ווערן דורך פעדאַגאָגען גילערינט אין דעם פאַך פון קינדער ערציהען, אָדער העלפין דיא פעדאַגאָגען אין זייער אַרבייט דאָס אויפבליהענדע נייע דור צו בעלעהרען און צו ענטוויקלען.

דיא שולע וועט ווערן גיהאַלטין אין לופטיגע רוימען,—זאָגאַר אונטער דעם פרייען הימעל, ווען דאָס וועטער ערלויבט,—אום דער קערפער זאָל צוזאַמען מיט דעם פערשטאַנד ענטוויקעלט ווערן ; דיא שטרענגע פערשטאַנדס-טעטיגקייטען ווערן אונטערבראָכען דורך לוסטיגע שפילע, דורך גימנאַסטיק און אַרבייט.

יעדעס קינד ווערט אונטערזוכט פון דיא גרעסטע פעדאַגאָגען צו וואָס עס איז פעהיג, און עס בעקומט אַ פאָלקאָמענע ברייטע און קלאָרע ענטוויקעלונג, אין אַלע דיא צווייגען פון דעם פאַך וואָצו עס איז גישאַפען, אום עכט ניטצליך צו זיין דער גיזעלשאַפט.

יעדער מענש איז אַרבייטער און גילעהרטער צו גלייך ; קיינע מיוחסים גיבט עס גאָר ניט, אַלע זיינען אַנשטענדיגע און געעהרטע מענשין.

דיא טהעאַטערס און קאָנצערטזאַלין זיינען פריי פיר יעדען מענש. ווער פריהער קומט האָט דעם בעסטין פלאַץ.

געצוואונגענע חתונה, צוליעב געלד אָדער צוליעב אַנדערע שפעקולאַציעס, גיבט עס ניט. איין מענש ברויך דעם אַנדערין'ס געלד ניט, יעדער קען זיך אַליין העלפין. אַזוי וועלין זיך דיא מענישין פראַנק און פריי פּאָרען : עס וועלין זיך נאָר פעראייניגען מענשין וואָס שטייען זיך אָן איינער דעם אַנדערן צום הערץ.

דיא אונזאַכע פון אַלע פערברעכען, פערשטייט יעדער, איז נאָר געלד, ווייל געלד איז היינט לעבין און גליק. אָבער דאַמאָלס, ווען אַלעס וועט זיין פיר אַלע, און פריוואַט פערמעגין וועט גאָר ניט קענען און ניט ברויכען צו בעשטיין (דען

צו וואָס דאַרף מען האָבין פּערמעגין, ווען מען קען צו יעדע צייט האָבין וואָס מען ברויכט ?) וועט דיא אורזאַכע פּון אַלע פּערברעכין זיין געפּטרט און דאַמיט אַלע פּערברעכין און מעשים רעים פּערשוואונדען.

פּילע קראַנקהייטען וועלין האָבין אויפגיהערט צו ערשיינען, וויל זייערע אורזאַכען: שלעכטע וואָהנונג, פּעראיפּעשטע לופּט, מערדערישע ווערקשטעלין, פּערפּאַלשטע שפּייזען און געטריינקען, איבער אַרבייט א. ז. וו. וועלין שוין ניט מעהר בעקאַנט זיין.

דער מענש וועט ענדליך אָבדוכען, און זיין לעבין וועט איהם ווערן פּרייליך, דען דיא „אייגענטומסבעסטיע“ ווערט ניט מעהר בעשטיין!

* * *

דאָס זיינען דיא משיח׳ס צייטין, צו וועלכע יעדער אונגליקליכער מענש, סיי יוד סיי גוי ברויכט צו שטרעבין. דיזע משיח׳ס צייטין וועלין ניט קומען פּון הימ-מעל, ניט פּון גאָט, ניט פּון גוטע יודען, נאָר פּון דיא אונגליקליכע אַליין; פּון דיא פּעראייניגונג פּון אַלע שלאַכטאָפּפּערם פּון דיא אייגענטומסבעסטיע, דיא פּראָלעטאַריערס פּון אַלע פּעלקער, ווען זיי וועלין מאַכען

## דיא סאציאלע רעוואלוציאן!



# אנהאנג.

## וועט דאס א מאל מקוים ווערן?

———0———

דיא שאלה וועט זיך יעדער לעזער שטעלין, נאָכדעם וויא ער וועט האָבין אָבגילעזין דאָס ביכעל. אָבער יעדער בעל שכל, יעדערער וואָס קוקט נור אַריין מיט קלאָרע אָפּפּענע אויגען אין דיא וועלט, מוז ענטפּערן אויף דיא שאלה מיט אַ שטאַרקען און מוטהיגען „יאַ!" עס איז אין דעם ביכעל גינוג בעוויזען, אַז אַזוי וויא יעצט קען עס ניט בלייבען, און דער דומסטער מענש זעהט אויך אַז טאָג טעגליך ווערט עס שלעכטער און ביטערער אויף דיא וועלט, און יעדערער שפּירט אַז ווען עס זאָל ניט קומען עפּעס אַ פּערענדערונג אויף דיא וועלט, זאָ ווערין מענשען פּאַללען וויא פּליגען אין דיא גאַססען. און אַזוי וייט ווערין עס דיא הונגעריגע מענשין דאָך ניט לאָזין קומען.

„יאַ", וועט זיך דער לעזער דאַן פּרעגין, „אָבער ווען קען דאָס אַ מאָל גישעהן?"

אויף דיא שאלה, זעהט איהר, מוזט איהר אייך אַליין ענטפּערן; דען ווען דאָס זאָל גישעהן, ווענדט זיך נאָר אָן אייך, איהר לעזער!

„אָן מיר?!" וועט איהר פּרעגין פּערוואונדערט, „וואָס קען איך חיים אָדער ליבוש טאָן, איך אָרימער פּערהאַסטער יודעל? קען איך עפּעס אַ וועלט איבער-דרייען?"

אָבער הערט מיך נאָר אויס, ברודער חיים אָדער ליבוש! ווען איך זאָג אַז עס ווענדט זיך אָן „אייך" בין איך דאָך אויך ניט משוגע. אָט הערט וויא אַזוי עס ווענדט זיך אָן אייך, איך וועל אייך געבין אַ משל: שטעלט אייך פּאָר, איהר גייט אויף אַ וועג, און דאָ שטייט אייך אַ זעהר גרויסער, שווערער וואָגין אויף דעם וועג און איהר קענט ניט ווייטער גיין. איהר זאָלט אַוועקשטויסען דעם וואָגען, איז גאָר ניט צו דיינקען, דען ער איז אפילו צו שווער פּיר צעהן פּערד צו שלעפּין; און ווען איהר קענט ניט אַוועק קריגען, מוזט איהר גיין אין זעהר שלעכטע זייטען-וועגין, אין בלאָטעס און אין זומפּען. און וויא איהר שטייט אַזוי און קלערט וואָס מען טוט, קומט אַ קלוגער מענש און זאָגט צו אייך: „שוטה, וואָס קלערט איהר? לייגט צו אַ האַנד וועט איהר דעם וואָגען אַוועקשטויסען!" איהר קוקט דעם מאַן אָן וויא משוגע. „ווען איך וועל צולייגען אַ האַנד וועל איך דעם וואָגען אַוועק-

שטויסען? אַזאַ שווערען וואָגען!" אבער ווען איהר קוקט אייך און זעהט, אַז עס שטייען נאָך הונדערטע אויף דעם זעלבין וועג לעבין דעם וואָגין און אַז מאַנכע לויפּען שון אַוועק דורך דיא זומפּען און בלאָטעס, און איהר זעהט אַז דאָס וואָס ער זאָגט צו אייך „לייגט צו דיא האַנד וועט איהר אַוועקשטויסען דעם וואָגען", זאָגט ער עס צוגלייך צו דיא אַנדערע הונדערטע אויך, — קומט איהר ערסט צום שכל און איהר זאָגט: אָה, עס איז דאָך טאַקי אמת! ווען יעדער איינציגער פֿון אונז וועט צולייגען אַ האַנד, וועלין דאָך ליגען אויף דעם וואָגען הונדערטע הענד, וועט דאָך טאַקי לייכט זיין דעם וואָגען אַוועקצושטויסען!

דאָס זעלביגע איז מיט אונזערע זאַך. דיזעס ביכעל איז אָבגידרוקט אין פינף טויזענד עקזעמפּלאַרען; יעדעס עקזעמפּלאַר וויא ווערט ניט גילעזין וויניגסטענס פֿון צוויי מענשין? וועלכער מענש גיבט עס ניט זיין חבר צו לעזין? אַלזאָ לעזען דאָס ביכעל צעהן טויזענד מענשין. היינט פֿערשטייט איהר שוין אַז דאַמאָלס ווען איהר לעזט „עס ווענדט זיך נאָר אָן אייך", לעזין דאָך דאָס זעלביגע נאָך צעהן טויזענד מענשין, און דער „אייך" איז צעהן טויזענד „אייך'ען", און ווען יעדער איינציגער פֿון אייך זאָל זיך דאָס, וואָס דאָ שטייט אין דעם ביכעל, גוט צום הערץ נעהמען און טאָן אַלעס וואָס ער קען נאָר, אום דיא געדאַנקען צו פֿערברייטען — אַך, וויא לייכט, וויא שנעל קען דאַן דיא גאָלדענע צייט קומען!

דען דאָס אייגענע, וואָס מיר אידיש-דייטש-שפּרעכענדע סאָציאַליסטען ריידין צו אייך, יודישע אַרבייטער, ריידין ווידער דיא סאָציאַליסטען פֿון אַלע אַנדערע אומות פֿון איין עק וועלט ביז צו דעם אַנדערן, צו דיא אַרבייטער פֿון זייער פֿאָלק, יעדערער אין זיין לשון. היינט-זשע שטעלט אייך פֿאָר, ווען יעדער לעזער פֿון אַלע שריפּטען אין אַלע לשונות וועט זיך דאָס גוט צום הערץ נעהמען וואָס מיר זאָגין, וועט עס איבערדערציילען אַלע זיינע בעקאַנטע און חברים און וועט טאָן וואָס ער וועט נאָר קענען אום דיא וואַהרהייטען צו פֿערשפּרייטען, — דיינקט אייך וואָס פֿיר איין קאָלאָסאַלע מחנה מיר וואָלטין גיקראָגין אין אַ קורצע צייט!

למשל דיא צעהנטויזענער לעזערס פֿון דעם ביכעל, וויא האָט ניט יעדערער פֿון זיי 10 בעקאַנטע? און ווען יעדער איינציגער וועט זיינע 10 בעקאַנטע דאָס איבערצייגען, וואָס ער האָט דאָ גילעזין, וועלין באַלד זיין 10 מאָל 10 טויזענט, דאָס איז הונדערט טויזענד יונגע קרעפֿטיגע מענשין ביי יודען אַליין, וואָס וועלין זיין גרייט צום שטרייט, אום דיא גליקליכע צייטען פֿיר אַלע צו שאַפֿפֿען! דענקט אייך הונדערט טויזענט מענשין! היינט וועט דאָס זיין ערסט פֿון יודישע אַרבייטער אַליין, און ווען דאָס זעלבע וועט גישעהן ביי יעדען איינציגען פֿאָלק, שטעלט אייך נאָר פֿאָר וואָס פֿיר א געוואַלדיגע מחנה דאָס וועט אויסמאַכין אויף דיא גאַנצע וועלט! און וואָס איז פֿיר אַזאַ מחנה צו שווער אויסצופֿיהרען? און וועט ניט אַזאַ מחנה אויך מיט שלעפּין דאָס מיליטער פֿון יעדעם לאַנד, וועלכע זיינען דאָך אויך נאָר אָרימע אונגליקליכע אַרבייטער און האָבין דאָך דיא גרעסטע אינטערעסע אַז דיא סאָציאַליסטען זאָלין אויספֿיהרען. און ווען דאָס מיליטער איז ביי אונז, האָבין מיר דאָך אַלעס, און דיא מערדערישע, בלוטיגע רשעים, דיא וועלטאיינשלינגערס וועלין אָך בלייבען וווא אַ פֿליג אין אונזערע הענד!